יהואש

# אין געוועב

א.

י. מאטענקא

פאַרלאַג „אויפגאַנג"
ניו-יאָרק

# אינהאַלט

א


שלמה'ס רינג ........ 3


ב


פריהלינג ........ 27
זומער־נאכט ........ 32
גראז ........ 35
נאכט־בלום ........ 37
אין דער פינסטער ........ 39
שליטלענדיג ........ 40
דימענט־שטויבען ........ 43


ג


דאס ליעד פון די כרמים ........ 47
תל אביב ........ 50
אין א ביארע ........ 52


ד


צויבערמאן ........ 55
קען איך נים פארשטעהן ........ 57
א קוש דער מאמען ........ 59
דאס ליעד פון דער פראש ........ 60
משיח ........ 62


ה


אסאקא־נו ........ 67
שימאנע־סאן ........ 69


ו


אנגעלום ........ 73
אריענט ........ 74
אויפ'ן ים: 1, 2, 3, 4, 5 ........ 76
הערבסט ........ 82
צווישען בוימער: 1, 2, 3, 4, 5 ........ 84
געפונען ........ 90

ז

| | |
|---|---|
| אויבינ | 93 |
| די רויז | 94 |
| גרא | 95 |
| ריין: 1, 2 | 96 |
| ליעב | 98 |
| דו | 100 |
| פארזאמט: 1, 2 | 101 |
| א מאמענט | 103 |
| ביים פענסטער | 105 |
| שווארצע קגוילען | 108 |
| פארפעהלט | 109 |

ח

| | |
|---|---|
| דער קערן | 113 |
| דער הייליגער | 114 |
| דער נביא: 1, 2 | 115 |
| אליין | 117 |
| יאגד | 119 |
| אהן רודער | 121 |
| דאס גרויסע ווארט | 122 |
| ביים בוימשפיין | 124 |
| אויפ'ן שטראם | 125 |
| מאכטיג | 127 |
| צו וואס? | 128 |
| דער שטילער קיניג | 129 |
| היין און הער | 131 |
| שטומע וועהען | 132 |
| די וואנדער | 134 |
| אין געוועט | 136 |
| די בריק | 137 |
| דער שטארקסטער | 138 |
| פארשלאפען | 139 |
| ווארטען | 140 |
| די שעה | 141 |
| וואוהין? | 142 |

ט

| | |
|---|---|
| געוויסהייט | 147 |
| אויף מוטער רחל'ס קבר | 149 |
| א תפלה | 151 |
| תהלים: 1, 2 | 153 |
| גאט'ס הויז: 1, 2 | 157 |
| גענאד: 1, 2 | 159 |
| א בורא־געבעט | 161 |

י

| | |
|---|---|
| שאטענס | 167 |
| אז אויג | 169 |
| דער זקן | 170 |
| דער שומר | 173 |

דער וואלד ... 175
נאכט ... 176
אומרוה ... 177
ערגעץ וואו ... 179
א פארדראס ... 181
פארלארען: 1, 2 ... 182

יא

די שווארצע טיר ... 187
שרעקען ... 190
מיזערערע ... 192
אשמדאי ... 194
איבער'ן תהום ... 197
דערוויסען ... 199
דער וועג ... 203
צעשניטען ... 204
עמיצער ... 206
דער לויערער ... 208
פרעמדע ... 209

יב

דער אלכעמיקער ... 213
דער דערוויש ... 215
מדבר ... 217

יג

פופצעהן ... 223
מארדזשערי ... 225
עראפלאן ... 227
די אייזענשטאדט ... 229
כאבוועי ... 232
דער וועסטערנער ... 234
עוד ... 236
רויזען ... 238
דריי בעטלער ... 240

יד

געמער־דעמערונג ... 245
מולך ... 247
טאמערלאן ... 250
ווי וועט איהר זיין געגרייט ... 252
דער טאג ... 253
דער רוף ... 255
עין רואה ... 257
אויפ'ן וואגשאל ... 258
שדים־טאנץ ... 260
אויפגאנג: 1, 2, 3, 4, 5 ... 262
אין א פינסטערער מינוט: 1, 2 ... 267
מאריטורי סאלוטאמוס ... 269
פארשאלטען ... 271
דערלייזונג: 1, 2 ... 273
דער אנזאגער ... 276
אויף די חורבות ... 278

# שלמה׳ס רינג

*   *   *

אָהן אַ שיעור געשטאַלטען,
אָהן אַ צאָהל גלגולים,
נעהמט עס אָן און בייט זיך —
ווי אַ שנור אַ שוואַרצע,
ווי אַ שלאַנג אַ בייזע,
קריכט עס דורך די צייטען —
ווי אַ שטילער יאָמער,
וויינט עס דורך די דורות: —

ניט דערזופּט דעם בעכער,
ניט דערגרייכט דעם באַרג־שפּיץ.
ניט דערבויט דעם טורעם,
ניט דערטרוימט דעם חלום...

# אויפ'ן טורעם

פון זיין עלפענביין געלעגער,
הויבט זיך אויף ביי נאכט דער קיניג,
אהן באגלייטער, אהן א היטער,
געהט ער צו דער אלטער מויער,
קלעטערט ער צום העכסטען טורעם...
איז א פענסטער דארט פאראנען,
קען מען זעהן פון איהם דעם גראָען,
טויטען שיין פון ים המלח —
זעצט זיך דארט אוועק דער מלך...

פלעכט דער שימער פון לבנה
ווייסע קרענץ אויף זיינע שלייפען,
גליהען פייכט די גרויסע אויגען,
רייבט ער לייכט דעם שם המפורש
פון דעם זיגעל אויף זיין פינגער,
זאגט ער שטיל געהיימע ווערטער,
בליצט דער רינג מיט גרינע שטראלען...
גיט א ציטער אין דער לופטען,
ווערט א דרעהען און א ווירבלען,

ווערט אַ פּייפּען און אַ קלאַפּען,
קומט דער אַשמדאי צו פליהען,
קומען סאַפּענדיג פון אימפּעט,
שדים אָהן אַ צאָהל צו לויפען,
פון די ארבע פנות עולם...

ווער פון אײַז-בערג און פון שנעען,
אויפ'ן ווייטען ים-הקרח —
ווער פון הייהלען אין די פעלזען,
אויף די וויסטע הרי-חשך —
ווער פון זודיגע געזעמדען,
אין סאַהאַראַ'ס וויסטעניסען —
ווער פון קאָכיגען סמבטיון,
ווער פון וועלדער און פון זומפּען,
ווער פון ים-אוקינוס' גרונטען...

שטעלען זיי זיך אויס אין רייהען,
בוקען זיי זיך פאַר'ן קיניג:
האַר פון זיגעל, וואָס באַפעהלסטו?
האַר פון רינג, וואָס איז דיין ווילען?

זאָגט צו זיי דער קיניג שלמה:
בויט מיר אויף אַ וואונדער-בנין,
וואָס זאָל קוויקען מיינע אויגען,
שטעלט מיר אויף אַ כשוף-פּאַלאַץ,
וואו מיין טראָן אַוועקצושטעלען...

קומט דער קיהלער הויך פון מאָרגען,
לעשט ער אוים דעם לעצטען שטערן —
זאָל דער בנין זיין געענדיגט...

אויסגערעדט — און שוין אין שייטען
ליעגען דעם לבנון׳ס ריעזען,
פון מצרים ווייסע שטיינער,
פון לאַנד אופיר גאָלד אין גרודעס,
און בורשטין פון וויטע ימים —
אַלצדינג אָנגעגרייט צום בויען...

גיט אַ וואונק דער קיניג שלמה,
גיט דער אשמדאי אַ צייכען,
הייבען זיך מיליאָנען אָרעמס,
האַקען האָלץ און זעגען ברעטער,
צינדען פייערס, מאַכען פורעמס,
גיסען גאָלד פון הייסע פאַנען,
לעגען שטיינער, שטעלען זיילען,
בויען ווענט און שפרייטען דעכער...
זיצט און לאַכט דער קיניג שלמה,
זעהט ער הענט זיך פלייסיג ריהרען,
הערט ער פלאַמען פרעהליך שיפען,
הערט ער האַמערס לוסטיג קלאַפען,
שטייגט דער בנין העכער, העכער,
ווערט זיין האַרץ אַלץ שטאָלצער, שטאָלצער...

זיצט און לאַכט דער קיניג שלמה,
פון זיין הויכען טורעם-פענסטער,
שטעהט און טראַכט דער שדים-קיניג
קוקענדיג אַרויף צום פענסטער: —
פריהער-שפּעטער, שטאָלצער שלמה,
וועט דיין רינג מיין פינגער ציערען,
וועל איך אויף דיין טראָן רעגירען,
וועל איך אין דיין פּאַלאַץ וואוינען,
וועל איך קוסען זאַט די לייבער
פון די שעהנע ווייבער דיינע...

# דער בלומענפּאַלאַץ

אַהן אַ גרונט דער כוס פון ליעבע —
טרינקט פון איהם דער יונגער שלמה,
טרינקט און קען זיין דורשט ניט לעשען...
אַהן אַ צאָהל די רונדע היפטען,
ווייסע בריסט און שוואַרצע אויגען,
און דער קיניג לעכצט נאָך אַלע . . .

איז פאַראַן אַן אַלטער גאָרטען,
רונד אַרום פאַרצאַמט מיט פּאַלמען,
דריקען זיך די צווייגען דאָרטען,
איינער תאוה'דיג צום צווייטען . . .
שדכנ'ט זיך דער הייסער ריח,
פון צופלאַמטע רויזענקעפּלעך,
צו דעם דופט פון ליליען־הערצער . . .
גליהט אין שאָטען די נאַסטורציע,
רייצען צונטער־רויטע מאָהנען,
בייסט די ביען פאַרליעבט די טולפּען,
רוישען שכור די פאַנטאַנען,
שווימען שוואַנען אום באַטרונקען
אין אַ טאַנץ פון זונענשטראַלען . . .

שטעהט אַ גרויסער שלאָס אין מיטען,
בליהען דאָרטען טויזענט בלומען,
אויסגעזוכט פון אַלע לענדער,
גליהען דאָרטען טויזענט ווייבער,
קיניג שלמה׳ס האַרץ צו פרעהען...

אויגען — פרישע קאָרן־בלומען,
לייבער מילך און צעפּ פון זונליכט...
ברוינע רונד־געטאָקטע גלידער,
קופּער־פּעסט און קופּער־פאַרביג...
ווייכע, שלאַנקע טיגער־לייבער,
אָרעמס — לאַנגע ווייסע שלאַנגען...
יונגע אַביסיניער נימפען,
זודיג בלוט און קרויזע לאָקען...
שוואַרצע, טוי־באַהויכטע טרויבען,
הינטער לאַנגע זיידען־ברעמען...
פעדער־לייכטע מכשפות,
לאַבענדיג דורך מאַנדעל־אויגען —
אַלע פאַרבען, אַלע חן׳ען,
האַרען אויפ׳ן יונגען קיניג...
רופט מען אָן דעם שלאָס אין גאָרטען
„קיניג שלמה׳ס בלומען־פּאַלאַץ״...

קיינער קען אַהין ניט קומען,
טיר און טויער צוגעריגעלט,
אַלע שליסלען האָט אמינאַ,

קיניג שלמה׳ס אַם די אַלטע —
בלויז אמינאַ׳ן טרויט דער קיניג...

. . . . . . . . . . . .

פון באַגינען ביז אין אָווענד,
אויף זיין טראָן פון זיבען טרעפּען,
זיצט דער גרויסער הערשער שלמה...
רעכטס פון איהם אויף גינגאָלד־שטולען,
זיצען טויזענד גראָע זקנים,
לינקס פון איהם, אויף זילבער־שטולען,
זיצען טויזענד קלוגע שדים...
קומען מענשען, קומען חיות,
קומען פויגלען פון מרחקים,
קלאָגט זיך יעדער אויף זיין לשון,
הערט ער צו מיט שאַרפען שכל,
משפט ער מיט שטרענגער חכמה...

איז דער מידער טאָג געענדיגט,
איז די רויטע זון פאַרגאַנגען,
פון זיין טראָן פון זיבען טרעפּען,
שטייגט אַראָפּ דער יונגער הערשער,
געהט ער אין די אָווענט־שאָטענס,
דורך געדיכט־באַצווייגטע שטעגען,
קומט ער צו אַ קליינעם טויער,
קלאַפּט ער איין מאָל און קלאַפּט צוויי מאָל,

קומט אמינאַ מיט די שליסלען,
גערט אַריין דער יונגער שלמה,
אין דעם בלומענפּאַלאַץ זיינעם...
וויל ער ניט דעם שם המפורש
אויף זיין זיגעל־רינג פאַרשוויעכען,
טוט ער אויס און גיט אמינאַ׳ן...
בלייבט אמינאַ אָפּצוהיטען
טריי דעם רינג און טריי דעם טויער...

. . . . . . . . . . . .

טראָגט זיך דורכ׳ן שטילען גאָרטען,
קיניג שלמה׳ס פולע שטימע —
אין אַ פלעכט פון האַרפען־קלאַנגען,
הערט זיך שלמה׳ס לוסטיג זינגען:

„איך האָב צו מיין גאָרטען גענידערט,
די פאַרטיגע רויזען צו פליקען,
איך בין צו מיין ווייגשטאָק געקומען,
די זאַפטיגע טרויבען צו דריקען...

„כ׳וועל באַלזאַם און מירע מיר קלייבען,
און שמעקען לבנון־געררוכען,
כ׳וועל טרינקען פון מילכען און וויינען,
און גאָלדענעם האָניג פאַרזוכען”...

ווערט דער קיניג׳ס קול אַנטשוויגען,
קלינגט אַ רינג פון פרויענשטימען,
גיסט ער גלוטיג זיך פאַנאַנדער: —

„איך הער ווי עס קלאַפּט מיין געליעבטער,
זיין שטימע פאַלט זיס אויף מיין אויער:
מיין קאָפּ איז אין נאַכט־טוי געבאָדען,
קום עפען, מיין טויב, מיר דעם טויער...

„אריין איז צו מיר מיין געליעבטער,
פאַר׳שכור׳ט פון ווילדע געלוסטען,
אַזוי ווי אַ בינטעל נארציסען,
געשלומערט מיר צווישען די ברוסטען...

„קומט קוויקט מיך מיט שטאַרקע געטראַנקען,
און מינטערט מיך אויף מיט געזאַנגען,
איך בין אויף דער ברוסט פון געליעבטען,
פון ליעבע און וועהטאָג פארגאַנגען”...

. . . . . . . . . . . .

נעהמט אַ סוף די נאַכט פון תענוג,
הויבען אָן אַרויסצוקריכען
קעפּ פון פאַלמען אין דער גראָקייט,
פּיפּסט אַן אָפּגעהאַקטער צוויטשער
פון אַ נעסט אין די ציפּרעסען —

קומט אַרויס דער יונגער הערשער...
שטעהט אמינאַ ביי דעם טויער,
גיט זי איהם דעם וואונדער-זיגעל...

. . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . .

זוכט דער אשמדאי תחבולות,
שלמה'ס יאָך פון זיך צו וואַרפען,
שלמה'ס רינג פון איהם צו גנב'ען,
פאָרשט און שפּיאָנט דער שדים-קיניג,
האָט נקמה הונדערט אויגען,
איז ער גיך דעם סוד דערגאַנגען,
פון דעם טויער'ל אין פּאַלאַץ,
פון דעם מלך'ס שטילען קלאַפּען,
פון אמינאַ מיט די שלים‌לען,
היטענדיג דעם רינג ביים טויער —
אָבער שטאַרק דער שם המפורש,
שטאַרק די מאַכט פון קיניג שלמה...

# דזשאַראַדאַ

זיינען אַלע שדים שקלאַפּען
טאָג ווי נאַכט פאַר קיניג שלמה,
זיינען אַלע ווינטען שפּיאָנען —
פריה און שפּעט פאַר איהם שטאַפּעטען...

קומט אַמאָל דער ווינט פון מזרח,
שושקעט ער אין שלמה׳ס אויער:
כ׳קום פון ים און פון יבשה,
כ׳קום פון עקען וועלט צו וועהען,
כ׳בין געוועזען אויף אַן אינזעל,
הינטער זיבען בלאָע ימים,
שימערט ער פון לויטער גרינקייט,
שטעהט ער צווישען הויכע פעלזען,
קאָכען טיפע קעסעל־גריבער,
רונד אַרום די הויכע פעלזען...
קען קיין אַנקער דאָרט ניט האַלטען,
קען קיין שיף אַהין ניט גרייכען.
קיניגט דאָרט אַ יונגע מלכה,
אויף אַ טראָן פון פערלמוטער,
איז צו איהר ניטאָ קיין גלייכען...

דעקט זי אויף אַ ווינקעל שלייער,
ווערט די העלע זון פאַרטונקעלט,
וואַנדערט זי אַרום אין גאָרטען,
זינגען זיסער אַלע פויגלען,
פאַלען פון די בוימער קווייטען
איהרע פיס צו קענען קושען...
ווערען הייזעריג די אינדען
שרייענדיג אַרום דעם אינזעל:
שעהנע קיניגין דזשאַראַדאַ,
פערל פון די בלאָע ימים...

. . . . . . . . . . .

וויכט די פרייד פון שלמה׳ס האַרצען,
מיידט די רוה זיין נאַכט־געלעגער,
אויפ׳ן וואהר און אין זיין חלום,
הערט ער ווי די אינדען רוישען:
שעהנע קיניגין דזשאַראַדאַ,
פערל פון די בלאָע ימים...
שטייגט ער אויפ׳ן טראָן באַגינען,
הויבט זיך אויף דער גאָלדנער אָדלער,
טוט ער אָן די קרוין אויף שלמה׳ן,
שטעהען אויף די גאָלדנע לייבען,
און דערלאַנגען איהם דעם צעפטער —
ווייס ניט שלמה וואָס זיי טוען,
שלייערט זיין געזיכט אַ וואָלקען,

שווימט אַ נעבעל פּאַר די אויגען,
דורכ'ן נעבעל אויף די וועלען,
שווימט אַ טראָן פון פּערלמוטער,
וויגט זיך אויפ'ן טראָן דזשאַראַדאַ...

ברענגט דער אָווענט טעניץ און ליעדער,
שטאַרט דער קיניג אויף די כאָרען,
גלאָצט ער אויף די ווענט פון פּאַלאַץ...
נעהנטערט זיך אַ גרינע ווייספּע,
שפּראָצען פון די קאַלטע דילען
הויכע ווייס-באַדעקטע בוימער,
שנעען קווייטען פון די בוימער
אויף דער קיניגין דזשאַראַדאַ...

. . . . . . . . . . . .

לאָזט זיין חיל רופען שלמה...
טייל פון מענשען, טייל פון שדים,
טייל פון חיות איז דער חיל...
הייסט ער זיי אין וועג זיך גרייטען,
קלייבט זיך אויף אַ גרויסע מחנה —
הונדערט מייל אויף הונדערט מיילען...
שפּרייטען זיי פּאַר קיניג שלמה'ן
פון אַ מייל די גרויס — אַ טעפּיך,
אויסגעוועבט פון רויטע זיידען,
אויסגעשטיקט מיט גאָלד און דימענט —
פון די גייסטער אַ מתנה...

רייבט דעם זיגעל קיניג שלמה,
קומט דער שטאַרקער ווירבעל־שטורעם,
הויבט ער איהם און זיינע מחנות
ווי אַ פעדער אין דער לופטען...
רייבט דעם זיגעל שלמה ווידער,
קומט דער לינדער ווינט און פרעגט איהם:
„וואו געלוסט זיך דיר צו רייזען?"
זאָגט צו איהם דער קיניג שלמה:
„טראָג מיך גרינג דורך ווייטע לענדער,
פיהר מיך פלינק צום גרינעם אינזעל"...

טראָגט דער לינדער ווינט די מחנה,
איבער בערג און איבער טאָלען,
איבער אַלע בלאָע ימים...
וויגט זיך ניט דאָס מינדסטע גרעזעל,
קרויזט זיך ניט אַ וואַסער־בלעזעל,
וואו עס געהט דער ווינט אַריבער...

הענגט אַ וואָלקען אַ געדיכטער
אויף די הונדערט־מיילען־מחנה,
פליהט ער מיט'ן ווינט צוזאַמען...
איז דער וואָלקען לויטער פויגלעך,
איינגעגנורעט איינס אין צווייטען —
לאָזען זיי אַ שטראַל ניט דורכגעהן,
קיהלען זיי די הייסע לופטען...

— יאָגט געשווינד דער ווינט דער לינדער
איז אַ שעה נאָך ניט פאַרגאַנגען,
שטעהט דער מלך שוין באַ׳כשופ׳ט,
פאַר דער הופטיגער דזשאַראַדאַ...

זאָגט דער מלך צו דזשאַראַדאַ׳ן:
טויזענט בלומען אין מיין פּאַלאַץ
זיינען גרייט מיין הארץ צו פרעהען,
וואונדער־שעהן איז יעדע איינע,
פון איהר לאַנד און שטאַם די שענסטע,
ועסטו זיין די קרוין פון אַלע,
וועט דזשאַראַדאַ זיין די מלכה
איבער טויזענט קיניגינען...

רויטעלט זיך די אינזעל־מלכה,
ווי אין אָווענט־גלאַנץ אַ פּערל,
ענטפערט זי דעם קיניג שלמה: —
איך וועל געהן אין פּאַלאַץ דיינעם,
— איין באַדינג נאָר וויל איך האָבען
זאָלסט פון גאָלד מיין אָפּגאָט שמידען,
זאָלסט איהם ביי מיין בעט מיר שטעלען,
וועל איך רויכערען איהם ווייהרויך,
וועט ער זיין גענאַד מיר שענקען,
וועט ער פון דיין גאָט מיך שיצען...
— זאָגט איהר צו דער קיניג שלמה

בליצט פון כעם דער שם המפורש
פון דעם זיגעל אויף זיין פינגער...

. . . . . . . . . . . .

פיהרט אוועק דער שטאָלצער מלך
אויפ׳ן לינדען ווינט דזשאַראַדאַ׳ן,
ברענגט ער זי אין פּאַלאַץ זיינעם,
קיניגט זי אויף אַלע ווייבער —
שלמה׳ס פרייד פון אַלע פריידען...

שיקט דער קיניג רופען מייסטערס,
הייסט ער זיי אַ גאָלד-נעץ שמידען,
לאָזט ער אויפ׳ן גאָלד-נעץ הענגען
שנורען פּערל און בריליאַנטען...
אויסגעלײדיגט אוצרות גאַנצע,
נאָר דזשאַראַדאַ׳ס האַרץ צו פאַנגען,
נאָר צו זעהן די קליינע צייהנער,
ווען די ליפּען איהרע שמייכלען —
שאָלען שנעע באַזוימט מיט רויזען...

. . . . . . . . . . . .

רייכערט קיניגין דזשאַראַדאַ
יעדען טאָג איהר אָפּגאָט ווייהרויך,

קרייזלען זיך אַרוים פון פּאַלאַץ
יעדער טאָג די בלאָע שלענגלעך...

. . . . . . . . . . . . . . .

זוכט דער אַשמדאי תחבולות,
שלמה׳ס יאָך פון זיך צו וואַרפען,
שלמה׳ס רינג פון איהם צו גנב׳ען,
נישטערט ער אַרום דעם פּאַלאַץ,
שמעקט זיין נאָז דעם גערצען-ווייהרויך,
פלאַמען אויף די אויגען זיינע —
איצטער איז די שעה געקומען...

. . . . . . . . . . . . . . .

זויגט נאָך זאַפט פון רויטע ליפּען,
דריקט זיך נאָך צו הייסע גלידער,
יונגער שלמה אין זיין פּאַלאַץ —
און דער אַשמדאי ביים טויער,
אָנגעטאָן אין שלמה׳ס קליידער,
אָנגעקליידט אין שלמה׳ס פּנים,
שטעהט און רופט מיט שלמה׳ס שטימע:
„גיב מיר אָפּ דעם רינג, אמינאַ״...

# אשמדאי

טראָגט ביי טאָג דער שדים-קיניג,
טראָגט די דימענט-קרוין פון שלמה׳ן,
טראָגט זיין מאַנטעל און זיין פנים...
לייכט דער רינג איהם אויפ׳ן פינגער,
קומען מענשען, קומען חיות,
קומען פויגל׳ען פון מרחקים,
קלאָגט זיך יעדער אויף זיין לשון —
לאַכט דער אַשמדאי אין האַרצען...

געהט ביי נאַכט דער שדים-קיניג
צו דעם פּאַלאַץ פון די בלומען,
קומט ער צו דעם קליינעם טויער,
שפּרייזט ער דורך די שמאָלע שטעגען,
קלאַפּט ער איין מאָל און קלאַפּט צוויי מאָל —
שלמה׳ס אויסזעהן, שלמה׳ס קלאַפּען —
קומט אמינאַ מיט די שליסל׳ען,
עפענט זי דעם שדים-קיניג...

. . . . . . . . . . .

געהט ביי טאָג דער קיניג שלמה,
אין די מערק און אין די גאַסען,
ווילד צעלאָזט די האָר די שעהנע,
וויסט פאַרגלייזט די אויגען זיינע,
הינטער איהם אַ מחנה קינדער,
ברומט און בילט און פייפט און מיאַוקעט,
שפּאָט איהם נאָך אויף הונדערט שטימען:
„איך בין שלמה! איך בין שלמה!”...

קריכט ביי נאַכט דער קיניג שלמה
אין די שאָטענס פון'ם גאָרטען,
זעהט ער ווי פון פּאַלאַץ-פענסטער
פאַלט דאָס ליכט אין ווייסע שטעגען...
הערט ער זינגען און געלעכטער,
קען ער יעדער שטים דערקענען,
ווייס ער יעדער טרעל באַזונדער,
וועלכער שעהנער האַלז איהם צוויטשערט...
ווייס ער — זיינע ווייבער זינגען
און עס קייכט דער שדים-קיניג...

הערט ער האַרפענשפּיעל און טאַנצען,
ווייס ער וועמענס דינע פינגער
טריפען בשמים אויף די סטרונעס,
קען ער אָן די טריט דערקענען,
וועמענס ראָזע פיס זיך גליטשען
אויף די גלאַטע מירמעלשטיינער...

וויס ער — זיינע ווייבער נאַקעט
פלעכטען ווילדע קאַרעהאָדען
רונד אַרום דעם שדים־קיניג...

שלייכט אַרום דער קיניג שלמה,
שלענג אין האַרצען, סם אין מח,
קלייבט ער אוים דעם וויטסטען ווינקעל,
פאַלט ער אויפגעקנוילט אַנידער,
אין די קיהלע לאַנגע גראָזען...
ברענען אין די צווייגען אויבען
רונדע אויגען פון אַ סאָווע,
פליהט אַ פלעדערמויז אַריבער,
ריהרט איהם אָן איהר קאַלטער פליגעל...

שלוכצט אין גראָז פאַרגראָבען, שלמה...
שפינט זיך פון דעם טונקלען הימעל,
ערגעץ פון אַ וויטען שטערען,
ביז צו איהם אַראָפּ אַ פאָדים...
נעהמט דעם פאָדים קעניג שלמה,
וועבט ער אוים דערפון תכריכים,
פאַר זיין יוגענד און זיין ליעבע,
פאַר זיין שטאָלץ און פאַר זיין קנאה...

טויכט אַרוים אַ קול פון ערגעץ,
הילכט ער פראָסטיג, קלינגט ער רוהיג:

ציִיט פֿאַר קושען, ציִיט פֿאַר שיידען,
גלייך די וואָג פֿון לוסט און ליידען,
וויפֿיעל פֿרייד אַזוי פֿיעל טרערען...

זונען קומען, זונען געהען,
הין און הער די ווינטען וועהען,
מוז דער קרייז זיך ווידער קעהרען...

יאָגען טייכען, ציהען שטראָמען,
צו דעם ים און זיינע תהומ׳ען,
און דער ים — קאָן פֿול ניט ווערען...

. . . . . . . . . . .

1915

# פריהלינג

זיץ איך און איך צעהל די טעג,
ביז דער ווינטער וועט אַוועק...
נאָך אַ שניי און נאָך אַ פראָסט,
נאָך אַ נאַסער שטורעם בלאָזט,
און דער הימעל שוועער און שוואַרץ,
אָבער גרינג שוין איז דאָס האַרץ —
פריהלינג הויערט ביי דער שוועל,
באַלד וועט קומען אַ באַפעהל,
וועט ער געבען זיך אַ ווייז,
וועט צעוויינען זיך דער אייז...
וועט ער עפענען אַ שלאָס
און אַרויסלאָזען די גראָז,
וועט ער געבען זיך אַ וואָרף,
אויפ׳ן פעלד און אויפ׳ן דאָרף,
וועט אַנטקעגען קומען גלייך,
יעדער שטראָם און יעדער טייך,
וועט ער אויסשיטען אויף זיי
גאָלד-תכשיטין אַלערליי...
וועלען בוימער טאָן אַ פלאַץ

מיט אַ וואונדערליכען שאַין —
גרינע קעפּלעך פון סמאַראַגד,
אויף די צווייגען אָנגעפּאַקט...

וועט עס ווערען אין דער פּריה
אַ געפּיפּס און אַ געפּליה,
פויגלען שפּרינגען הין און הער,
יעדער פויגעל טוט אַ קלער:
זאָל איך אויפראַמען צוערשט,
אָדער טאָן אַ פּיק אַ גערשט
און אַוועקפליהען צו געסט? —
לאָזט מען איבער בוים און נעסט
און מען דרעהט זיך קעפּ אויף קעפּ —
ביז צום הימעל שווינדעל־טרעפּ...
אָדער גלאַט פעלד־אוים, פעלד־איין,
יאַגענדיג דעם זונענשיין...

שטעהט אַ בושעל אויף אַ דאַך,
לענדער אויסגערייזט אַ סך,
און זיך אומגעקעהרט נאָר־וואָס
צו זיין אַלטען בעל־הבית...
הויבט ער אָן צו קלאַקען באַלד
צו די פעלדער און צום וואַלד,
צו די קינדער רונד אַרום:
ווייסט, קונדסים, אַז איך קום...

הערען זשאַבעס פון דער ווייט,
ווייסען זיי וואָס דאָס באַטייט,
שפּרינגען זיי אַראָפּ צום דעק,
און זיי וויינען גאַנצע טעג...

פון קאַנורע קומט דער הונט,
געניצט אויס זיך גאַנץ געזונט,
שטרעקט זיך אויס פאַר לענג, און פּרואווט
כאַפּען פליגען אין דער לופט...
ניט פאַראַן נאָך פליעגען פיעל,
טוט ער גאָר דערוויל אַ ביל
אויף דער גרויסער קופּע שטרוי,
גלאַט פון היימליכקייט אַזוי...
זעהט ער אינגלעך נעבען פּלויט,
גראָבען גערטלעך אינ׳ם קויט,
מיט געפּילדער און געשריי,
לויפט ער שפּיעלען זיך מיט זיי...

נעבען שייער אויבענאָן,
שטעהט און קרעהט דער גרויסער האָהן,
זאַמעלט זיך אַן עולם אויף —
אַלע היהנער פונ׳ם הויף...
זיי פון הינטען, ער פאַראויס,
מאַרש! הקפות אַרום הויז...
און פון סאַזעווקע דערביי,
קומט אַ ווילדע קוואַקעריי,

אַלע ענטלעך ווייס און פעט,
שווימען קלאַפּטער אויף געוועט...
עפּענט זיך דער שלאָס פון שטאַל,
גיעט די שווערע טיר אַ פּראַל,
און אַ קיזשאַק טוט אַ שפּרונג...
לויפט איהם האַסטיג נאָך דער יונג,
שטעהט אַ מיידעל ביי אַ טיר,
לאַכט זי, לאַכט דער יונג צו איהר...

זיצט די באָבע פּאַר'ן הויז,
וואַרימט איהרע ביינער אויס,
ציהט די שפּיזלען פון דער זאָק:
אַ מחיה'דיגער טאָג...

ווי זי רעדט דאָס נאָר אַרויס,
קריכט אַרויס אַ שוואַרצע מויז
אויפ'ן הימעל פאַזע ראַנד,
און צעוואַקסט זיך נאָכאַנאַנד,
ביז עס ווערט אַ קראָקאָדיל,
און פון איינעם ווערען פיעל,
איינער שלינגט דעם צווייטען איין,
ביז מען זעהט ניט מעהר דעם שיין...
קייקעלט זיך אַ שווערע זאַך,
ברומט און ברעכט זיך מיט אַ קראַך,
און אַ פייערדיגע שעער
שניידט דעם הימעל הין און הער...

פאַלט אַ טראָפּען און דערנאָך —
טוט אַ גאַס אַ וואָלקען-בראָך...
לויפען מענשען אין דער גאַס,
שרייען, לאַכען, ווערען נאַס,
און די קינדער פאַר'ן שטוב
שטעלען אויס זיך אין אַ ראָנד,
צו דעם רעגען וואָס מעהר נאָהנט —
יעדער איינער וויל אַ זופּ...
שטעקט מען אויס די מויל, און האָפּ!
אויף די ליפּען רינט אַראָפּ
גלייך פון הימעל גאָט'ס געטראַנק,
און דער רעגען פאַר איין גאַנג
כאַפּט און צוואָגט זיי אויס דעם קאָפּ...

1917

# זומער נאַכט

ניט גרינג איז אָפּצולויערען אַ שטילע שעה,
ווען קיינער זאָל ניט ריידען אָדער לאַכען,
אָדער שווייגענדיג דיר איבעררייסען
דאָס שפּינען פון דיין אייגענער נשמה.
און אַז דער לעצטער שלעפריגער „גוט-נאַכט"
האָט מיך אַליין געלאָזען אין אַלטען סאָד,
האָב איך אַן אויסגעקרימטען בוים
אַרומגענומען שיער און איהם געקושט פאַר פרייד...

די אַלטע באַנק אין ווינקעל האָט גערופען —
אַ רונדער שטיין, וואָס האָט זיך מעהר גע'הבר'ט
מיט ביימער ווי מיט שטיינער...
בין איך געזעסען שעה'ן נאָך דער רייה,
פאַרטונקט אין פינסטערניש און זיך...

אין שוואַרצען תהום פון בלעטער איבער מיר
האָט שטילערהייט געשאַרט אַן אומגעזעהנע מחנה,
דאָ און דאָרטען איז אַן עפּעל

געפאַלען דורך געדיכטע צווייגען,
און אין נאָהנטען ברונעם האָט געטריפט
דאָס וואַסער פון דעם אַלטען עמער...
און ווייל אַ מענש מוז תמיד זוכען,
האָב איך געזאָגט צו זיך: כ'וועל זוכען דעם באַגינען,
און כ'האָב דאָס קליינע טויערעל געעפענט
און זיך אַראָפּגעלאָזט צום טאָל...

די נאַכט האָט זיך געדריקט צו מיר פאַרטרויט און ווייך,
און צוגעהערט מיט גרויסע אויגען וואָס איך טראַכט...
די גרילען האָבען אין די קליינע, גרינע וואַרשטאַטם
געשליפען און געפיילט פון אַלע זייטען...
אַ פראָש איז אויפגעשפרונגען אונטער מיינע פיס,
און זאַט געקרעכצט האָט אונטער מיר דאָס פייכטע גראָז.
דער ווינט איז ערגעץ אויף די בערג
געלעגען איינגעוויקעלט אין די סאָסנעס און געשלאָפען...
און איבער די באַוואַלדטע טאָלען,
און איבער אַלע בערג, געוועזען איז דער שומר
דאָס שמאָלע וואַסער'ל אַרום דער פאַרם,
וואָס האָט ניט אויפגעהערט צו פלאַפלען
מיט די קליינע שטיינדלעך...

. . . . . . און אומגעריכט
האָט אויפגעציטערט לעבען מיר די נאַכט,
און איינער האָט גענומען אויפקלייבען די שטערען —
אַזוי ווי איך האָב נעכטען אויפגעקליבען

דעם פּאַרמערים קאַרשען אין אַ קויש —
ערשט לאַנגזאַם, און דערנאָך אַלץ גיכער, גיכער...
איבער ווייטע שפּיצען בוימער,
האָט דורכגעריסען זיך אַ גרויע הויב,
און זיך צעשויבערט און צעפלאָכטען
אין אַלע זייטען, הויך און נידער...
פון די שאָטענס איז אַרויסגעקראָכען
אַ גרויער, קיהלער ווענ, וואָס געהט אַליין מיט זיך
באַרג־אויס באַרג־איין...
און גרויס און ווייס און איינזאַם אויפ׳ן הימעל
געהאַנגען איז דער מאָרגענשטערן...

. . . . . . . . . . .

1918

# גראָז

האָסטו אַמאָל אויפ'ן בעט אין דער פינסטער געהערט,
האַלב אין שלאָף און האַלב וואַך, אין אַ מיטען דער נאַכט,
טאַפ־אַ־טאַפ, טאַפ־אַ־טאַפ, אויף די שויבען ביי זאַכט —
דעם רעגען וואָס וואַשט פאַר'ן פריהלינג די ערד ?
טאַפ־אַ־טאַפ, טאַפ־אַ־טאַפ,
פונ'ם בעט זיך אַ כאַפ,
און אַ שפרונג אין דער שטיל
מיט'ן נאַקעטען פוס אויפ'ן נאַקעטען דיל,
און געעפענט דעם פענסטער ווי ווייט עס קען געהן
און געזעסען אַליין
מיט'ן אָפענעם האַלז אין דערויסען גערוקט,
און געהאָרכט און געקוקט
ווי פון טריף גאָך אַ טריף,
ווערט אַ פולער און שוואַרצער און וואַרעמער גום...
אַ געשאַר, אַ געשאָרך, אַ גערויש, אַ גערום
פון דער ווייט, פון אַמאָל, פון דער הויך, פון דער טיעף,
פון אַ שטערען וואָס פאַלט,
פון אַ בלאָנדזשענדער שיף,

פון אַ גרינעם און קרויזיגען וואַסער וואָס קוואַלט
איבער לאַכיגע לייבער און שוימיגע בריסט,
פון אַן אוצר אין וואַלד,
און אַן עלפענביין־פּאַלאַץ אין מיטען דער וויסט...
טאַפּ־אַ־טאַפּ, טאַפּ־אַ־טאַפּ,
ווי עס פליייצט און עס גיסט...
פאַרמעקט די לאַמטערען, געשטאָרבען די גאַס,
און דו זיצסט, און דו זיצסט,
די שלייפען דיר נאַס,
די אויגען געוואַשען, דער נאַקען באַשפּריצט,
און דו הערסט ווי עס ציהט און עס צאַפּעלט און גרינט,
און דו אָטעמסט דעם נאַסען און גראָזיגען ווינט,
און מיט איטליכען בלאָז,
ווערסטו רעגען און ווינט, און ווערסט ערד און ווערסט גראָז...

# נאַכט־בלום

בלומען ליכט־באַגאָסענע
לאַכען רונד אַרום,
איינע אַ פאַרשלאָסענע
שטעהט די אָווענט־בלום...

בלאַט אויף בלאַט פאַרדעקענדיג
אין אַ קנויל געדרעהט,
טוליעט זי זיך שרעקענדיג
ביז דער טאָג פאַרגעהט...

שטאַרבט די זון זיך טוקענדיג
אין אַ טייך מיט בלוט,
קומט די נאַכט, באַקוקענדיג,
וואָס די שטילע טוט...

פינטלען שטערען טויזענטער,
זוכען זיי די בלום:

„טויט דער טאָג דער ברויזענדער,
קום, דו קליינע, קום...‟

שפּרינגט זי אויף אַ ציכטיגע,
נאַקעט פון איהר כוס...
פאַלען שטערען ליכטיגע,
שמאַכטענדיג אין גראָז...

1914

# אין דער פֿינסטער

דער פענסטער אויפגעמאַכט,
און שוואַרץ ווי טינט דער סאַד,
אַ שטורעמרעגען באַדט
די בוימער אין דער נאַכט...

איך זיץ און הער זיך צו:
אַ קינד אַליין אין וואַלד,
עס געהט און וויינט און פאַלט —
אַוואו זיין היים און רוה?...

דער רעגען בייטשט די גראָז:
אַ שיפעל אויפ'ן ים,
געטריבען אָהן אַ ראַם,
און טויט איז דער מאַטראָז...

# שליטלענדיג

ברענט דער פראָסט און שטעכט ווי נאָדלען,
נית אַ נאָז אַרויסצושטעקען —
מיך און דיך און אונזער ברוינעם
וועט דער פראָסט נית שרעקען...

פּעלצט מען אָן זיך ווי די בערען,
קוים די אויגען אויסגעלאָזען,
קייכט מען ביידע פון געלעכטער:
עכטע עסקימאָזען...

איז אונז עמיצער מכבד
מיט אַ שניי־באַל אין די שלייפען,
נעהמט זיך חברה צו דער אַרבייט,
מוז מען גיך אַנטלויפען...

הויבען אָן די ווילדע גלעקלעך
מיט דער ווייסער נאַכט צו שטיפען,

באַרג־אַרויף און באַרג־אַרונטער
גערט עס ווי געשליפען...

קומען מיר פאַרביי די מיהלען,
האַלטען זיי די אָרעמס אָפען: —
הונדערט זעק מיט ווייץ און קאָרן,
און דער ווינט אַנטשלאָפען...

פלעמלען פון אַ קליינעם הייזעל
פונקען ערגעץ אין דער ווייטען —
זיצט מען דאָרט אַרום דעם אויווען,
רעדט מען פון פאַרצייטען...

האָבען מיר אויף זיי רחמנות:
זיצען מענשען אין אַ תפיסה,
און דערויסען שיינט און שימערט
אַזאַ וועלט אַ זיסע...

שוין די פייערלעך פאַרשוואונדען,
שוין די מיהלען אָנגעוואָרען...
ציהט דער טראַקט זיך, ווי אַ שפיגעל,
גלאַנציג איינגעפראָרען...

האָט דער ברוינער זיך צעוואַרימט,
נעהמט ער ווי אַן אָדלער טראָגען,

לויפט פון הינטען די לבנה,
קאָן אונז ניט דעריאָגען...

שלאָגט דאָס בלוט אַריין אין פּנים,
וואַרפט מען גיך אַראָפּ די שאַלען,
כאַפּט מען קושען, אויסגעמישטע
מיט לבנה־שטראַלען...

1916

# דימענט־שטויבען

דימענט־שטויבען אָנגעשאָטען
אויף די קוימענס, אויף די דעכער.
פויגלען פון די בוימער
טרייסלען דימענט־שטויבען...
דרויסען וואַרטען ווייסע פלוינען
ערוויטעלט אין דער זון —.
קום,
ביז די קנעכלעך אין דעם קאַלטען פוך,
און האַנט אין האַנט, פעלד־אויס פעלד־איין...
אַזוי פיעל שניי,
אַזוי פיעל זון,
אַזוי פיעל פעלד —
פולע הויפענס אָנגעשעפּט
און אין געזיכט אַ שאָט...
דימענט־שטויבען זיינען מיר אין מויל צעגאַנגען,
קאַלט און לויטער —
בין איך פול מיט ווינטער און מיט פראָסט
און מיט קאַלטער זון,

הויך איך קעגען זון —
דימענט־שטויבען...
הערסטו ווי דיין נאָמען הילכט
און קייקעלט זיך פון בערגעל שניי צו בערגעל שניי,
און ביז'ן ברייטען טייך אַוועק?...
קום גיך, מיר וועלען זיין די ערשטע
אַ ריס צו מאַכען אין זיין ווייסער העמד,
אַ בלויען און אַ לאַנגען...
דימענט־שטויבען, דימענט־שטויבען
שפּריצען רעכטס און לינקס פון דיינע פיס,
דימענט־שטויבען גלימצערען אין דיינע האָר...
אַזוי פיעל שניי,
אַזוי פיעל זון,
אַזוי פיעל טייך —
דימענט־שטויבען וועל איך טרינקען
פון דיינע ליפּען...

# דאָס ליעד פון די כרמים

בעל־הבית:

רייכע עדעלשטיינער
גרייט וועט יעדער איינער
אויפ'ן שטאָק געפינען,
מיט'ן טוי באַגינען.
שניידען וועט דער מעסער,
דריקען וועט דער פּרעסער,
וועלען מיט רובינען
פולע פעסער רינען...
וועט מען זיי אין ווייטען
אונז אויף גאָלד פאַרבייטען.

בחורים:

ווען אין בעכער זיינען
איינגעשענקט די ווינען,
פרייד פאַר גאָט און מענשען —
וועט אונז יעדער בענשען...

— וויינען זים און טונקעל
שוואַרצער אויגענפונקעל
צווישען לאַנגע ברעמען
ווען זיך מיידלעך שעמען...

ליכטיגע קאַרעלען
— אויף דעם וויין דעם העלען
מיידעלשער געלעכטער,
לויפענדיג פון וועכטער...

מ י י ד ל ע ך:

צונגען אָפּגעבונדען,
— אויגען אָנגעצונדען
וועט פאַר די געטראַנקען
יעדער אונז באַדאַנקען...

— וויינען ווילד און גלוטיג
יונגען פייער־בלוטיג...
קושען לויטער פלאַמען,
ווייסען ניט קיין צאַמען....

— וויינען שאַרף און בייסיג
יונגען פלינק און פלייסיג,
בייסען אויפ׳ן נאַקען,
זויגען אויס די באַקען...

אלע:

זינגען מיר ביים קלייבען,
וועט דאָס ליעד פאַרבלייבען
אינ׳ם טרויב, צוזאַמען
מיט די זיסע טעמ׳ען...

וועט מען אונזער זינגען
מיט׳ן ויין פאַרשלינגען,
וועט עס פון די קעהלען
צו די ליפּען קוועלען...

זינגען וועלען מענער —
שטראַלען אין די טענער...
שמאַכטען וועלען פרויען —
אין די אויגען טויען...

1916

# תל אביב

עס רוישען אין דער נאַכט די וועלען,
זיץ איך אַליין ביים ברעג און הער,
מיר דאַכט זיך, פון מיליאָנען קעהלען
קומט אָן אַן אַלט געזאַנג אַהער...

איך ווייס ניט און איך וויל ניט וויסען,
פאַרוואָס די טרערען מיינע פליסען,
און ס'האַרץ איז פול און שווער...

דער הימעל גיסט אַ ווייסען רעגען
פון שטערען גרויס און וואונדער־העל,
געשטאַלטען נידערען און פרעגען:
ווי גיך? מיר וואַרטען אויף באַפעהל...

איך ווייס ניט און איך וויל ניט וויסען,
פאַרוואָס די טרערען מיינע פליסען,
און ס'האַרץ קלאַפּט ווילד און שנעל...

מאַראַנצען שפּריײטען כּשוף־דופטען
צום שטומען שפּיעל פון שטערן־שיין,
אַ גרויסער טרוים הענגט אין דער לופטען,
און מישט זיך אין דעם דופט אַריין...

איך ווייס ניט און איך וויל ניט וויסען,
פאַרוואָס די טרערען מיינע פליסען,
און ס׳האַרץ פאַרגעהט פון פּיין...

1915

# אין אַ ביאַרע

שושקען וואָרצלען צו דעם שטאַם:
טרינקען וועלען מיר אַ ים,
פריה און שפעט, און נאַכט און מאָרגען,
וואַסער־שפע צו באַזאָרגען...
וואו אַ שפּריץ און וואו אַ טריף,
זופּען וועלען מיר און נאַשען,
און דערמיט דעם בוים באַוואַשען,
וועט אַ ברכה זיין דערפון,
און דעם רעשט וועט טאָן די זון...

שושקעט צו דעם שטאַם אַראָפּ
אין דער הויך דער בוים: מיין קאָפּ
איז פון שטראַלען אויסגעצוואָגען,
וועל איך שעהנע פרות טראָגען —
גרויס און רונד און פריש באַטויט,
וויין דאָס האַרץ, און גאָלד די הויט,
וועט מען זיי מיט שמחה פליקען,
וועט מען זיי אויף ימים שיקען,
איינס אין איינס געפּאַקט געדיכט,
רויטע שטיקער זונענליכט...

ד

צויבערמאן
קען איך ניט פארשטעהן
א קוש דער מאמען
דאס ליעד פון דער פראש
משיח

# צויבערמאַן

קומט דער גוטער צויבערמאַן
אויף אַ גילדערנעם געשפּאַן,
האָט ער אויגען מילד און שוואַרץ,
און אַ דימענטענע האַרץ...
שטעלט ער זיך אין מיטען מאַרק,
הויבט ער אָן צו רופען שטאַרק:
„כ'האָב מתּנות אַלערליי,
קומט און קלייבט זיך אויס פון זיי...״

ווערט אַ טומעל און געלאַף,
זעלטען מאַכט זיך אַזאַ טראַף,
איילט זיך יעדער צו דעם גליק,
בלייבט אַ קינד ניט אין דער וויעג...
זאָגט דער צויבערמאַן און לאַכט:
„כ'האָב פון אַלצדינג מיטגעבראַכט,
זאָגט מיר יעדער זיין באַגעהר,
איין באַגעהר נאָר און ניט מעהר...
האָט איהר צייט אַ פערטעל שעה,
און דערנאָך בין איך ניטאָ...״

איין באַגעהר נאָר און ניט מעהר —
אויסצוקלייבען זעהר שווער...
קלער אַהער און קלער אַהין,
פאָלג אַ גאַנג מיך און געפין,
וואָס איז בעסער, דאָס צי יענס.
שרייען אַלע ווי די גענז —
פון די אַלע מענשען פיעל.
ווייס ניט איינער וואָס ער וויל;
זיינען אַלע אין אַ קלעם,
פרעגט מען יענעם, פרעגט מען דעם:
וואָס נעהמט ע ר? און וואָס נעהמסט ד ו?
און אין מיטען: טרו־טרו־טרו!
בלאָזט אַ זילבערנער טראָמפּייט,
און פאַרשוואונדען שטילערהייט
איז דער גוטער צויבערמאַן,
מיט דעם גילדענעם געשפּאַן...

1917

# קאָן איך ניט פאַרשטעהן

קומט אַ פויגעל צו דער שויב,
קלאַפּט זי צוויי מאָל אָן —
פויגעל שעהן דו, פויגעל קליין,
וואָס זאָל איך דיר טאָן?

צוויץ-צוויץ-צוויץ און צוויץ-צוויץ-צוויץ,
און אַ וואָרט ניט מעהן,
צוויץ-צוויץ-צוויץ און צוויץ-צוויץ-צוויץ,
קאָן איך ניט פאַרשטעהן...

* *
*

קומט אַ שטורעם פון דער ווייט,
רייסט ער אויף די טיר —
שטורעם בייזער, זאָג מיר, וואָס
דו פאַרלאַנגסט פון מיר?

וואו-וואו-וואו און וואו-וואו-וואו,
און אַ וואָרט ניט מעהן,

וואו־וואו־וואו און וואו־וואו־וואו,
קאָן איך ניט פאַרשטעהן...

* *
*

קום איך צו אַ וואַסערל,
הער איך ווי עס שרייט —
וואַסער ליעבער, זאָג מיר, וואָס
דיין געשריי באַטייט?

פלו־פלו־פלו און פלו־פלו־פלו,
און אַ וואָרט ניט מעהן,
פלו־פלו־פלו און פלו־פלו־פלו,
קאָן איך ניט פאַרשטעהן...

* *
*

שושקעט זיך דאָס גאַנצע פעלד,
ווען איך געה פאַרביי —
זאַנגען ליעבע, זאָגט, וואָס מיינט
אייער שושקעריי?

שו־שו־שו און שו־שו־שו,
און אַ וואָרט ניט מעהן,
שו־שו־שו און שו־שו־שו,
קאָן איך ניט פאַרשטעהן...

1917

# אַ קוש דער מאַמען

שפּיעלט די מאַמע מיט'ן קינד
און דער טאַטע פרעהט זיך,
פּעדים רונד אַרום די דריי,
פלעכטען שטילערהייט זיך...

זאָגט דער טאַטע צו דעם קינד:
קוש, מיין גאָלד, די מאַמען...
קושט דאָס קינד — צעלאַכען זיך
אַלע דריי צוזאַמען...

זאָגט די מאַמע צו דעם קינד:
גיט דעם טאַטען צוואַנציג...
קושט דאָס קינד — צעגליהען זיך
דריי פּאָר אויגען גלאַנציג...

פלעכטען שטילע פּעדים זיך
רונד אַרום זיי אַלע,
טאַטע־מאַמע פון דאָס ניי
ווערען חתן־כלה...

1914

# דאָס ליעד פון דער פראָש

געווועזען אַ פראָש אין אַ גרין סאַמעט קלייד,
קוואַק-אַ-וואַק, קוואַק-אַ-וואַק, קוואַק-אַ-וואַק,
מיט אַ שירצעל אַ ווייסען פון פאָרענט פאַרשפּרייט,
קוואַק-אַ-וואַק, קוואַק-אַ-וואַק, קוואַק-אַ-וואַק.

איהר קאַמער געפּלאַסטערט מיט גרינעם אַאיר
קוואַק-אַ-וואַק, קוואַק-אַ-וואַק, קוואַק-אַ-וואַק,
פון שטראַהלען די פענסטער, פון וואַסער די טיר,
קוואַק-אַ-וואַק, קוואַק-אַ-וואַק, קוואַק-אַ-וואַק.

האָט געפינטעלט די פראָש מיט די אויגעלעך שמאָל,
קוואַק-אַ-וואַק, קוואַק-אַ-וואַק, קוואַק-אַ-וואַק,
ווער האָט אַזאַ מאַנטעל און ווער אַזאַ קיל ?
קוואַק-אַ-וואַק, קוואַק-אַ-וואַק, קוואַק-אַ-וואַק.

פון ברעג אינ׳ם טייך, און פון טייך אויפ׳ן ברעג,
קוואַק-אַ-וואַק, קוואַק-אַ-וואַק, קוואַק-אַ-וואַק,
אַ זונג און אַ שפּרונג, אַזוי געהען די טעג,
קוואַק-אַ-וואַק, קוואַק-אַ-וואַק, קוואַק-אַ-וואַק.

ביז געקומען אַ בושעל אַ הויכער צו געהן
קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק,
די פּיס ווי די שפּענער, דער שנאָבעל ווי שטיין,
קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק.

גענומען די פראָש מיט'ן גרין סאַמעט קלייד,
קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק,
און די קינדערלעך זיינע אַ סעודה געגרייט,
קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק.

# משיח

אוי, קינדערלעך ליעבע,
ס'וועט זיין אזוי שעהן,
משיח וועט קומען
אין גיכען צו־געהן...

די אויגען אזוי ווי
צוויי זונען ביי איהם,
א הויכער, א ווייסער,
און זילבער די שטים...

„וואס האט איהר מיר, קינדער,
צום אויפנעהם געגרייט? —"
„משיח געטרייער,
מיר האבען געזייט...

„מיט איין האנט צום אקער,
און איין האנט צום שווערד,
די אויגען צום הימעל,
די פים אויף דער ערד..."

„און ווער האָט אייך, קינדער,
די בשורה געבראַכט? —"
„משיח געטרייער,
מיר האָבען געוואַכט...

„און שומרים געהאַלטען
אויף איטליכען וועג:
משיח, משיח
וועט קומען די טעג..."

1918

# אָסאַקאַ־נו

אָסאַקאַ־נו, אָסאַקאַ־נו,
האָט אַ מאַנטעל געטראָגען אַ לויזען,
אָסאַקאַ־נו האָט מיט גראָזען גענעהט,
און די צייג איז געוועזען פון רויזען.

אָסאַקאַ־נו, אָסאַקאַ־נו
האָט אין טוי זיך געבאָדען באַגינען,
אָסאַקאַ־נו, די טאָכטער פון זון,
געוואָלט האָט אַ חתן געפינען.

אָסאַקאַ־נו אָסאַקאַ־נו
איז אַראָפּ צו די טאָלען געשטיגען,
דאָרט האָט יאָשיהיטאָ אַ ליעדעל געפייפט
צו זיינע ווייס־האָריגע ציגען.

אָסאַקאַ־נו, אָסאַקאַ־נו,
די טאָכטער פון געטער און שטראַלי׳...
האָט קיין וואָרט ניט געפרעגט, און קיין ליפּ ניט באַוועגט,
און גלייך אויפ׳ן האַלז איהם געפאַלען.

אָסאַקאַ־נו, אָסאַקאַ־נו,
די טאָכטער פון הימעל און וואָלקען,
געקושט האָט דעם פּאַסטוך באַגינען און שפּעט,
און האָט זיינע ציגען געמאָלקען.

אָסאַקאַ־נו, אָסאַקאַ־נו
איז טריי צו דעם פּאַסטוך געבליבען,
נאָר ער האָט ביים ברונעם אַ צווייטע געזעהן,
און אויפגעהערט אָסאַקאַ׳ן צו ליעבען.

אָסאַקאַ־נו, אָסאַקאַ־נו
האָט געמאָלקען די שאָף און די לעמער;
מיט׳ן וואַרימען מילך איז אַ וואַרימע טרער
גערונען אין הילצערנעם עמער.

1918

# שימאָנע־סאַן

דער רעגען בלעזעלט זיך אין שטילען וואַסער,
קוק איך ווי די רינגען שפּרייטען זיך פאַנאַנדער:
שימאָנע־סאַן, דו סאַמוראַאי בלאַסער,
— ווען ווערסטו קומען פון דיין ווייטער וואַנדער? —
שימאָנע־סאַן, מיין העלער שטערן...

איין טאָג קלייב איך אַלע רויטע בלומען,
און שיט די בלעטלעך איבער אַלע שטעגען:
שימאָנע־סאַן וועט אין פריהמאָרגען קומען,
— און איך וועל גערן אַ רויטע איהם אַנטקעגען —
שימאָנע־סאַן, מיין העלער שטערן...

אויף מאָרגען טו איך קאַרשען־קווייטען רייסען,
און פלעכט זיי אין די האָר און אויף די שלייפען:
שימאָנע־סאַן וועט זעהן מיין קאָפּ אַ ווייסען,
— און וועט אין פינסטער מיר אַנטקעגען לויפען —
שימאָנע־סאַן, מיין העלער שטערן...

געשוואָרען האָבען אַלע טורטעל־טויבען
צו פליהען זעהן, אַוואו ער איז פאַרשוואונדען:
שימאָנע־סאַן, ביי מיינע קליינע שויבען
— וועט אַלע נאַכט אַ ליכטעל זיין געצונדען
שימאָנע־סאַן, מיין העלער שטערן...

ו

אנגעלוס.
אריענט.
אויפ'ן ים : 1. 2. 3. 4. 5.
הערבסט.
צווישען בוימער : 1. 2. 3. 4. 5.
געפונען.

# אַנגעלוס

אין ווינקעל הימעל צאַנקט אַ לעצטער רויטער פלעק,
פון טויזענט לעכער קריכט די נאַכט זיך אויסצושפּרייטען,
די לאָנקעס גליווערען אין גרויער, שטומער שרעק,
און אין די שאָטענס טוליעט זיך איין גראָז צום צווייטען...

און האָרך אַ קלאָרער גלאָקענקלאַנג פון ווייטען שפּאַלט
די גרויע רוהיגקייט, וואָס פאַלט אויף פעלד און וואַלד...
פון הימעל נידערט שטיל אַ ווייסע טויב אַראָפּ,
און טראָגט אַ בענשונג און אַ סודות'פולע גאָב...
עס וואָרקעט אין דער לופט אַ צערטליכע גענאָד,
און פול מיט ליעבשאַפט הויכט צו מיר אַ פרעמדער גאָט...

קלינג-קלאַנג, קלינג-קלאַנג... און דאָרשטיג טרינקט
מיין האַרץ אַריין
די שטילע טרייסטונג פון אַ גאָט, וואָס איז ניט מיין..

1913

# אָריענט

אַ גרויסע זון אין ים דערטרונקען...
אַ האַלבער הימעל אָנגעצונדען
מאַראַנצען־פאַרביג...
אַ האַלבער גראָט אין ווייכען פערלמוטער...
אַ ווייטע, ווייטע וואַסער־שטרעק
צעהאַקט אין קליינע וועלען...
צווישען ים און הימעל אין דער ווייט
גנב'עט זיך אַ שיף פאַמעליך,
און שאָטענט שוואַרצע קוימענס
קעגען צונטערדיגען מערב...

אַ פאַלמע שטרעקט איהר שלאַנקען גוף...
אָט וועט זי ווערען דינער־דינער,
און אין דער הויך פאַרשווינדען...
פון נאָהנטען מינאַרעט
קלאָגט לאַנגזאַם דער מועדין:

לא איללאַה איל אַללאַה,
„ניטאָ קיין גאָט חוץ אַללאַה,
קומט תפילה טאָן,
קומט תפילה טאָן,
ניטאָ קיין גאָט חוץ אַללאַה!..."

1916

# אויפ׳ן ים

(1)

טונקעל-רויטע אָוועגט-פלאַמען
קיהלען זיך אין שטילע ים׳ען...

אויבען וואָלקענס ווילד צעפלאַקערט,
אונטען בייטען גאָלד צעאַקערט...

לויפט די שיף און זייפט פון שוימען
פוכיג-ווייסע פרענז און זוימען...

לאָזט אַרויס דער הויכער קוימען
שוואַרצע צעפ אין גרויע רוימען...

פליהט אַ פויגעל אויף די וועלען,
וויל און קאָן זיין פום ניט שטעלען...

שוואַרצלען זיך פון ווייט געשטאַלטען —
אַנקער-גלאָקען האַלב-באַהאַלטען...

קלינגען, קלינגען און זיך טונקען —
קענטיג, דאָרט אַ שיף דערטרונקען...

קומען גייסטער פון די תהום׳ען,
אָהן אַ צאָהל און אָהן אַ נאָמען...

וויגען זיך ווי דאַרע זאַנגען,
צו די מאַטע אַנקער־קלאַנגען...

(2)

קומען אָן פון דאָרט, קומען אָן פון דאַנען
פינסטערע געשפּאַנען...

שאָטענס פון דער הויך, שאָטענס פון דער נידער
ציהען אויס די גלידער...

פון די לאַנגע מאַסטען, פון די הויכע שטאַנגען
קריכען זיי ווי שלאַנגען...

וואָס אַ רגע גרעסער, שטרעקען זיך און שטרעקען,
פול אין אַלע עקען...

שפּרייטען וויסטע נעצען, וועבען ווי די שפּינען,
קאָן מען ניט אַנטרינען...

(3)

פון העלער הויט אַראָפּגעפּאַלען
תכריכים גרויע אויף די וואַלען...

ניטאָ קיין ים, ניטאָ קיין הימלען,
פון וואַסער קומט אַ הייז'ריג ווימלען...

קוקט מאַט-געל דורך אַ יתום-שטערען —
עס וואַכט געטריי די מאַסט-לאַמטערען...

הויבט אָן די שיף פון אַנגסט צו ברומען,
ווערט אין טומאַן דער ברום צעשוואומען...

שפּאַצירט מען שטיל אַרום די דעקען,
ווי עמיצען ניט אויפצוואוועקען...

הערט-אויף דאָס ריידען און דאָס לאַכען,
מען טראַכט גאָט וויים פון וועלכע זאַכען...

צעשרייט אַ קינד זיך אין דער מיטען —
ווערט פּלוצים עפּעס אָפּגעשניטען...

קוקט יעדער קרום און קנייטשט דעם שטערען:
וואָלט כאָטש דאָס קינד אַנטשוויגען ווערען...

(4)

עס פליצען וואַסער־פּאַלען
פֿון קאַלטען שיין...
שלינגט אַלצדינג איין
די וואַל פֿון אַלע וואַלען,
די קוואַל פֿון אַלע קוואַלען...

צעפליסען אַלע זונען
ווי ניט געווען...
ווערט זיין און זעהן
ווי טוי אין זון צערונען,
ווי טוי וואָס פאַלט אין ברונען...

(5)

געפאַלען איז פון הימעל
אַ שטילע גרויסע גאָב,
גענידערט ווי אַ טוי האָט
אַ בענשונג אויף מיין קאָפּ...

אַ ליכט האָט זיך געצונדען,
און האָט מיין האַרץ באַהעלט —
איז גרויס דאָס האַרץ געוואָרען,
צי קליין די גאַנצע וועלט?....

איך האָב אי ים, אי הימעל,
געוויגט ביי זיך אין ברוסט,
איך האָב פון תהום און שטערן
דעם טיפען סוד געוואוסט...

איך האָב פון גרויסע בעכערס
געזופּט אַ הייל'גען טראַנק,
איז ס'האַרץ מיר איבערקוואָלען
פון גליק און פרייד און דאַנק...

1915

# הערבסט

אַ גרויער וועג באַשפּרייט
מיט קיהלען זונענגלאַנץ...
אַ זייל פון בלעטער געהט
אַ רונדען טויטענטאַנץ,
געטריבען פונ׳ם ווינד —
ס׳איז הערבסט, מיין קינד...

זעה, אַלע בלעטער ווי באַמאָלט,
מיט פּורפּעל און מיט רויט און גאָלד,
מיט צימרינג-ברוין און זאַפראַן-פאַרבען —
באַצירט צום שטאַרבען...

דער לעצטער זאַנג אַראָפּגעשניטען,
די פעלדער הויל און פלאַך...
אַן איינצ׳גער קוסט אין מיטען
געבליבען אויף דער וואַך...
דער הימעל קאַלט און בלוי און שעהן...
קום, קינד, די וועלט איז פּוסט,

נעהם אָן מיין האַנט, מיר וועלען געהן
אהין, צום קליינעם קוסט,
און קושען זיינע צווייגען —
דאָרט וועל איך וויינען אויף דיין ברוסט,
און שווייגען...

1916

# צווישען בוימער

(1)

טיעף אין וואַלד שטעהט מיין געצעלט,
קיינער וועט מיך ניט געפינען,
שפּעט ביינאַכט און פריה באַגינען,
הער איך ווי דער פריהלינג קוועלט
פון די טיפע וואָרצלען אונטען,
צו די מאָך־באַדעקטע שטאַמען,
פון די טונקעל־קאַלטע גרונטען
צו דער זון און איהרע פלאַמען...
שליסען ערד און הימעל בונטען,
שלים איך אויך מיט זיי צוזאַמען...

טיעף אין וואַלד שטעהט מיין געצעלט,
קיינער וועט צו מיר ניט קומען,
ווי אַ וועל אָוועקגעשוואומען
איז די ווייטע, זוייטע וועלט....
שלאָג איך וואָס אַ טאָג אַלין מעהרער
טיעפע וואָרצלען אין דער נידער,

ווערען וואָס אַ טאָג אַלץ שווערער
מיט דער זאַפט פון וואַלד די גלידער —
גרויסע שטערען מיינע הערער,
גרינע גראָזען מיינע ליעדער...

(2)

האָבען טונקעלע ציפּרעסען
מיר געזאָגט: דו וועסט דאָ בלייבען,
וועסט דיין יאַגד ניט לענגער טרייבען...
אונזער טראַנק און אונזער עסען —
וואָרצעל־זאַפט און זונענשטראַלען —
וועלען מיר מיט דיר זיך טיילען...
וועסט ניט פליהען און ניט פאַלען,
רוהען וועסטו און זיך היילען...

האָט אַ ביען געדרעהט אין ליכט זיך,
און געזונגען מיר אין אויער:
אָפען איז געווען דער טויער,
עמיץ האָט אויף דיר געריכט זיך,
וועסטו איהם אַצונד באַגעג'נען...
וועט ער פון געהיימע שטראָמען
דיין נשמה פריש באַרעג'נען
און דיר ברענגען נייע זאָמען...

(3)

כ׳האָב געטרוימט פון זיך באַפרייען,
און האָב ענגער זיך פאַרקלאַמערט,
כ׳האָב אַליין מיין קייט געהאַמערט,
וואָס אַ טאָג אַ רינג אַ נייעם...

וועל איך איצט אין שטילע טיגלען
אַלע שווערע קייטען שמעלצען,
וועלען פאַלען אַלע שטעלצען,
אַלע צוגעקלעפּטע פליגלען...

וועל איך מַאַרגעריטקעס קלייבען,
פליקען רויטע אַנעמאָנען,
וועט פון אַלע פאַלשע טראָנען
מעהר אַ זכרַ ניט פאַרבלייבען...

וועל איך אויף די פעלדער ליעגען,
און וועל בעטען ערד און שטערן:
לאָזט מיך א י י ע ר אמת הערען,
מ י י נ ע ר איז געווען אַ ליגען...

(4)

איך האָב אַ קיניגרייך,
און וואָס איז דיין באַגעהר? —
צו זיין אַ וואַסער־בלום אין טייך,
און מיט'ן טייך זיך וויגען הין און הער...

איך האָב אַ צויבערשטאָק,
און וואָס איז דיין פאַרלאַנג? —
צו זיין אַ זום־זום דורכ'ן טאָג,
און שלומערען אין אָווענד אויף אַ זאַנג...

איך קום מיט אַלצדינג אָן,
וואָס קלייבסטו אוים דערפון? —
צו זיין אַ טוי אויף רויטע מאָהן,
און שימערען און אויסגעהן אין דער זון...

(5)

דער וואַלד איז שטיל אַ חוץ די ביענען
און הויכע, הויכע בוימער דרינען.
זעה, ווי שעהן,
אונטער גרויסע בוימער צו זיין קליין...

1914

# געפונען

איך האָב מיין קול פאַרלאָרען
און בין געוועזן אַ שטומער —
האָט מיך מיין פרייד געוואָרגען,
האָט מיך געשטיקט מיין קומער.

האָב איך געוואַרט ביז נאַכט האָט
איהר שוואַרץ געוואַנט פאַרהאַנגען,
און בין אַ היילונג זוכען
צום גרויסען ים געגאַנגען...

איז מיר דער ים אַנטקעגען
געקומען מיט געשרייען,
האָט יעדער אינד געפילדערט
מיין לוסט און מיינע וועהען...

בין איך אין זאַמד פאַרגראָבען
געלעגען און געשוויגען —
אין ים אין גרויסען האָב איך
מיין קול צוריקגעקריגען...

1914

# ז


אייבינ.
די רויז.
גרא.
ריין : 1. 2.
ליעב.
דו...
פארזאמט.
א מאמענט.
ביים פענסטער.
שווארצע קנוילעז.
פארפעהלט.

## אייבּיג

ב׳האָב פון דיין לייב אַרויסגעזויגען די פּאַרפומען,
איז מיר אַ העלע אייביגקייט אין זעעל געזונקען,
כ׳האָב אַלע פריהלינגס פון די וועלטען אויסגע־
טרונקען
און קיינמאָל וועט צו מיר דער ווינטער מעהר ניט קומען.

און וואָלטען מיינע טעג געדויערט ווי די שטערען,
דעם סוד פון יענער רגע וואָלט איך ניט דערגרונטעטען,
און ניט דער הימעל אויבען, ניט די ערד פון אונטען
פּאַרמאָגען מעהרער פרייד און מעהר אַנטציקטע
טרערען...

און וואו דו ביסט געפּאַלען פון דעם גורל׳ס בויגען?
און ווער עס האָט דעם לעצטען זיסען טריף געזויגען,
און אין זיין רויש דעם אויסגעלעערטען כוס
צעשפּליטערט? —
איך וועל ניט פרעגען און איך וועל ניט וועלען וויסען,
נאָר אין געהיימע ווינקלען וועל איך זיך פאַרשליסען,
און פיהלען ווי דיין הייסע ליפּ אויף מיינער ציטערט...

# די רויז

האָסט אויף דיין ברוסט געטראָגען
אַ רויז,
איז זי געוועזען רונד און גרויס
און ווי מיט שנעע געצוואָגען...
האָב איך זיך איינגעבויגען
און האָב געקושט די בלום;
האָסט ד ו זיך פרום
און מיט פאַרדראָס
פון מיר אַוועקגעצויגען —
פאַר וואָס ?...

1917

# גראָ

קומען וועט זי אין אַ נאַכט פון רעגען,
און פאַמעליך קלאַפּען אין דער שויב,
און פאַמעליך רופען ווי אַ טויט:
עפּען אויף די טיר און זאָלסט ניט פרעגען...

וועל איך שפּרינגען פון׳ם בעט אַ בלאַסער,
און אין קאַמער צינדען אַלע ליכט,
ווישען אָהן אַ וואָרט איהר נאַס געזיכט,
דריקען פון די ברוינע צעפּ דאָס וואַסער...

וועט זי מיינע הענט אין איהרע נעהמען,
און מיך טוליען צו איהר קאַלטען לייב,
און פאַרשלאָפען בעטען כ׳ ניט פאַרטרייב —
מיט אַ טרער אויף צוגעמאַכטע ברעמען...

וועט דער מאָרגען קומען אויף שפּיצפינגער,
שטעלען זיך צוקאָפּענס ביי מיין בעט,
און דערשרעקען וועט מיך דאָס געשפּעט
פון דעם טאָג מיט זיינע טויזענט צינגער.

1917

# רעגן

(1)

יונג און ציכטיג איטליך גליעד...
כ'האָב דעם ווײַן געהיט —
ווּעסטו רעגן איהם טרינקען....
ווּעט דײַן בליק מיר זינקען
אין געמיט...
וועל איך בלײַבען אויביג
רעגן און גלויביג...

קומען וועט די שטונד —
ווּעסטו שײַדען...
וועל איך זאָגען: געה געזונד!
בעסער פאַר אונז בײַדען...

(2)

אַלצדינג האָב איך דיר געגעבען,
אויגען, ליפּען, לייב און לעבען —
טרינק מיך אויס ווי ווייז אַ בעכער,
אָבער ווער ניט מיין פאַרשוועכער...

ביזטו זאַט געפּילט פון זופּען,
זאָל ניט ד י י ן פוס מיך פאַרשטופּען...
וועל איך אויביג טראַכטען
פון דיין ערשטען ריינעם שמאַכטען...

קומען וועט פון זינד די רייהע —
וועסטו ווערען מיין קמיע...
וועל איך ווידערהאָלען: א י י נ ע ר
צווישען זיי געוועזן אַ ריינער...

1917

# ליעב

„איך האָב דיך ליעב... איך האָב דיך ליעב...” די
ווערטער זיינען
געפאַלען דופטיג ווי עס פאַלט אַ הייפעל בליטהען
פון קאַרשענבוים, ווען פריהלינג-שטערען שיינען,
און שנעל און שוימענדיג, דורך מח און געבליטען
צעגאָסען האָבען זיך געוווירצטע הייסע וויינען...

„איך האָב דיך ליעב, איך האָב דיך ליעב...” און ס'האָט
דיין ליפּ
זיך צוגעדריקט און שעמעוודיג זיך נייגט דיין קאָפּ...
אָ, פרייד, מיין פרייד, ניט נעהם צוריק דיין שעהנע גאָב,
קום, לעג דיין קליינעם ראָזען אויער צו מיין ריפּ
און הער ווי ס'רופט מיין האַרץ, און קלאַפּט מיט
ווילדע שלעג:
„איך האָב דיך ליעב, איך האָב דיך ליעב דורך אַלע טעג”.
און אין דעם פלעכט פון „איך” און „דו” — קיין
צווישענשייד
מעהר וויים איך ניט, און זעל צו זעל צונויפגעקייט,
אונז טראָגט אַ ברייטע וועל אַהין — איך וויים ניט וואו...

„איך האָב דיך ליעב, איך האָב דיך ליעב..." שלים
ד'אויגען צו,
און קלאַמער דיינע הענט אַרום מיין נאַקען פעסט,
און דריק זיך ווי אַ פויגעל דריקט זיך צו איהר נעסט,
און צוויטשער מיר מיט שטילען קוים-געהערטען קול,
צום הונדערטסטען, צום טויזענטסטען און צום
מיליאָנטען מאָל:
„איך האָב דיך ליעב, איך האָב דיך ליעב..." צי
טראַכט עס בלויז,
און כ'וועל עס הערען ווי מען הערט די קנאָספּ פון רויז
זיך זאַפטיג רויטלענדיג אין צוגעמאַכטען כוס,
און ווי מען הערט בייגאַכט דאָס שפּראָצען פונ'ם גראָז...
און קושענדיג וועט שטום דיר ענטפערען מיין ליפּ:
אָ פריינד, מיין פרייד, איך האָב דיך ליעב, איך האָב
דיך ליעב...

1916

# דו...

שפּרינגט אַ שטראַל אַ העלער
פון וואַנט צו וואַנט אַרום —
פאַרטראַגט אַ פריהלינג-ווינטעל
דעם ריח פון אַ בלום —
ביזט ד ו דער שטראַל, ביזט ד ו דער דופט
אָ קום, געליעבטע, קום...

קומען אָווענט-שאָטענס
און שלינגען איין דעם שיין —
קריכען וויסטע שרעקען
ווי שלענג אין ברוסט אַריין —
ביזט ד ו די נאַכט, ביזט ד ו דער שרעק,
אָ קום, געליעבטע מיין...

# פאַרזאַמט

(1)

די שאָטענס פאַלען, פאַלען —
צו־שפּעט, מיין קינד, געקומען...
אין גרויע נעסטען שטומען
די קראַנקע נאַכטיגאַלען,
און לאַנגזאַם קריכט די נאַכט און קריכט...
כ׳וועל ווארטען אויפ׳ן ליכט
פון ערשטען קאַלטען שטערען,
און קיין זאַך ניט באַגעהרען,
נאָר רוה, נאָר רוה —
אַ קיהלען ים, אָהן וועל און ווינט...

מיין קינד,
נעהם אַלע דיינע בלומען צו,
און פליק זיי איינציגווייז אין זאַמד
און זאָג: איך האָב פאַרזאַמט...

(2)

יאָהרען וועלען קומען
און יאָהרען גיך צערינען,
און אונטען טויטע בלומען,
וועט זיך אַ פּאָדעם שפּינען...

אַ פּאָדעם צוגעבונדען
צו ווייטע וואונדער-וועלטען —
וועט ער פּאַר אַלע וואונדען
דיר טויזענטפאַך פאַרגעלטען...

וועט אין דעם טאָג דעם גרויען
אַ ווינקעל דיר באַשיינען,
דער פונק פון גרויסע שעה'ן,
די פרייד פון גרויסע פּיינען...

1918

# אַ מאָמענט

איך האָב געגלעט דיין האַנט און האָב געטראַכט:
פּאַסירען וועט עס נאָך אַ וויסטער נאַכט —
כ׳וועל אויפשטעהן אין דער פריה,
און מיינע אויגען רייבען, רייבען,
און אַל׳ מיין מיה
וועט ניט די פינסטערקייט פאַרטרייבען...
און צווישען מיר און העלען שיין
וועט זיין
אַ הויכע דיקע וואַנט פאַרצויגען,
און טאַנצען וועלען פאַר די אויגען
רונדע פייערדיגע פלעקען,
און איך וועל טאַפּען רונד אַרום
און וועל דיך וועקען:
שטעה אויף און קום
באַווייז מיר אויפ׳ן וואָהר,
וואָס דו ביזט יאָהר פאַר יאָהר,
און טאָג פאַר טאָג געוועזען גרייט

צו טאָן, און גיעב דיין פרייד,
דיין יוגענד מיר, און פיהר מיך און — —

·איך גלעט דיין האַנט און פרעה זיך מיט דער זון,
און זאָג:
עס וועט ניט קומען אַזאַ טאָג...

1917

## ביים פענסטער

האַנט אין האַנט געשלאָסען
אָנגעלעהנט אָן פענסטער,
שטעהען מיר און לאַכען
צו דער העלער גאַס...

אײלען זיך די מענשען
— גרינגע אויפגעראַמטע
לויפען נאָך די שטראַהלען
הינטער זייער טריט...

גנב'עט זיך אַ קעצעל
דורך דער גאַס פאַמעליך,
מיאוקענדיג צום ערשטען
שעהנעם פריהלינג־טאָג...

געהט אַ בלאָנדער בחור
מיט אַ קאָרב אַ גרויסען

פייפט ער צו אַ ליעדעל
הילכט עס פון דער ווייט...

קומט אַן איטאַליענער
מיט אַ לייער קאַסטען,
רינגלען איהם די קינדער
טאַנצענדיג אַרום...

„רינג אַרואַונד אַ־ראָזי,
„רינג אַ־ראַונד אַ־ראָזי —"
לאַכט דער איטאַליענער
מיט די ווייסע צייהן...

וואַרפט אַ קינדער־הענדטעל
פון דער הויך אַ פּעני,
לויפען אינגלעך כאַפּען
פאַר'ן אָרגעלמאַן...

שטעהט דער שוואַרצער קויהלמאַן,
ביי דער טיר פון קעלער,
דרעהט ער פון דער ליולקע
פּראָפּענציהערס רויך...

פאָהרט אַ שוואַרצער וואָגען,
אָנגעפּילט מיט בלומען,
אויסגעפּוצט מיט זילבער,
טראָדלען אויף די פערד...

קוקסט מיר אין די אויגען,
קוק איך טיעף אין דיינע —
יאָהרען וועלען לויפען,
וועט עס זיין ווי היינט...

קוקען פון אַ פענסטער
וועט אַ יונגע פאָר'ל,
פאָהרען וועט אַן ארון —
ווער וועט זיין דערין ?...

# שוואַרצע קנױלען

כ'װעל קומען פון דער װאַנדער,
און זאָגען װעל איך פױל:
„נעהם צו דעם קנױל
און דריבעל דו פאַנאַנדער...״

װעסט דו די פעדים נעמען,
און װאַרפען אין קאַמין:
„קום, קראַנקע ביען,
ניט טו דעם האָניג שעמען...״

װעל איך ביז שכרות טרינקען,
און קלעמען װעט מײן האַרץ —
פון פײער װעלען שװאַרץ
צו מיר די קנױלען װינקען...

.1916

# פאַרפעהלט

שוין אויף דער ליפּ געהאַנגען —
וואָס האָסטו ניט פאַרגונען ?
אַ נעסט מיט יונגע זונען
געלאָזט ניט אויפגעגאַנגען . . .

די ביימען גרייט געלעגען,
פאַרהונגערט נאָכ'ן זאָמען,
און זאַפטען גאַנצע תהום'ען,
און הימלען שוואַרץ מיט רעגען . . .

א רגע וואָלט געוועהרען,
און וואָלסט א וואַלד געפונען —
וואָס האָסטו ניט פאַרגונען
דעם קליינעם קאָרנגען קערן ? . . .

# ח


דער קערן.
דער היילינער.
דער נביא : 1. 2.
אליין.
יאגד.
אהן רודער.
דאס גרויסע ווארט.
ביים בוימשפיין.
אויפ'ן שטראם.
מאכטיג.
צו וואס ?
דער שטילער קיניג.
הין און הער.
שטומע וועהען.
די וואנדער.
אין געוועט.
די בריק.
דער שטארקסטער.
פאר'שלאסען.
ווארטען.
די שעה.
וואוהין ?

# דער קערן

איך האָב געוואָלט פאַנאַנדערשפּינען
די טונקעלע פאַרלאַנגען,
איך האָב געוואָלט מיין זעל געפינען,
און בין צום ליכט געגאַנגען...

די שטראַהלען האָבען מיך געשטאָכען,
דער שימער האָט מיין קראַפט געבראָכען,
האָב איך די טירען צוגעריגעלט,
האָב איך די אויגען פעסט פאַרזיגעלט,
און פון דער פינסטערניש האָט העל
אַרויסגעבליצט אַ שטערן —
איז ד אָ ס געווען דער **קערן**,
דער קערן פון מיין זעל...

.1913

# דער הייליגער

איך האָב אַ קאָרב פון שלאַנגען גיפטיגע געבראַכט,
און האָב געהויערט פאַר דיין שוועל אין שוואַרצער נאַכט,
און אויף די בלאָע ליפּען מיינע, אויפגעדרעהט
געלעגען זיינען ווערטער ווי די שלאַנגען, גרייט
אַראָפּצושפּרינגען ווען דו וועסט צו מיר אַרויס :—
דו היטער פון גאָט'ס פלאַם, דו וועכטער פון זיין הויז,
באַווייז דיין מאַכט, און זאָג דיין שטאַרקען שפּרוך, און ציה
אַרויס די גיפט-געפילטע צייהנער פון אָט-די,
און איך וועל זיין דיין קנעכט און דו וועסט זיין מיין האַר...
ווען נ י ט — פאַרפלוכען וועל איך דיך, פאַרוואָס מיין צער
האָט זיך אומזיסט געהאַנגען אָן דיין מאַנטעל'ס זוים,
און רוה געזוכט אויף דיר, ווי אויף אַ שטאַרקען בוים
זוכט רוה אַ קליינער פויגעל, ווען דער שטורם ברילט...

האָסט דו באַוויזען זיך... און פון דיין אויג האָט מילד
אַרויסגעשפּינען זיך אַן איינצגער לאַנגער בליק
און מיך פאַרוועבט, ביז כ'האָב געבויגען מיין געניק
אין שאַנד צו דיינע פיס...

אָ, הייליגער, פאַרגיב
די ווערטער וואָס געלויערט האָבען אויף מיין ליפּ,
צו פּרובען דיינע וואונדער : פון דיין פּריסטער-קלייד
דער דופט אַליין, האָט אַלע מיינע שלענג געטייט...

1916.

# דער נביא

.1

זיי האָבען זיך געבוקט צו איהם: „דו מאַן פון גאָט,
מיר ווילען דיך באַקרוינען...״ —
האָט ער געשמייכעלט שטילערהייט: „דאָס וועט איהר טאָן,
ווען איהר וועט מיך פאַרשטיינען...״

זיי האָבען זיין געצעלט באַלאַגערט: „מאַן פון גאָט,
מיר ווילען דיך דערהויבען״ —
האָט ער געוויגט באַטריבט דעם קאָפּ: „און הויבענדיג
דערנידערען מיין גלויבען...״

זיי האָבען איהם געזונגען זייער שענסטען לויב:
„ביסט ד ע ר, וואָס מיר פאַרלאַנגען״ —
האָט ער זיך אויפגעכאַפּט: נעהמט אַכט, איך בין די פלאַם,
און איהר די טויטע זאַנגען...״

.2

מיך האָט געשטאַרקט א פעסטע האַנט,
מיך האָט געבענשט דאָס מויל פון גאָט,
איך בין דער אַקער, און די זאָט,
איך בין דער שטורעם און דער בראַנד...

איך בין אַ פלייצונג אָהן אַ מאָס,
איך בין אַ מבול, וואָס פאַרוויסט,
און בין אַ רעגען, וואָס באַגיסט
א מדבר זאַמד צוליעב א גראָז...

איך בין דער נעבעל אין דער ווייט,
און בין אַ שאַל פון הויכע בערג,
און בין די פרייד פון גרויסע ווערק,
און בין דער וועהטאָג, וואָס באַנייט...

איך בין דער טויער און די טיר,
און בין דער שליסעל און די שוועל,
איך בין אַן אָנזאָג און א טרעל,
און וועלדער פויגלען הינטער מיר...

.1919

# אליין

ווער איך מעהר ניט ריידען,
און דו אויך ניט מעהר,
טוט אַ וואַנט אונז שיידען,
איז זי גראָ און שווער...

איך און דו און יעדער —
אַ פאַרבלאָנדזשעט קינד...
אַ געטריבען פעדער
אין אַ שטורעמווינט...

ניט פאַראַן אין צווייען,
ניט קיין זאַלבענאַנד,
געהען די וואָס געהען
איינזאַם, אומבאַקאַנט...

און אַזוי די בוימען,
און אַזוי דער שטיין,

אַלע ווי יתומים,
איטליכער אַליין...

און אַזוי די שטערען
דורכ'ן רוים געיאָגט,
איינער קען ניט הערען
וואָס דער צווייטער זאָגט...

און אַזוי דער בורא
אויף זיין קאַלטען טראָן,
אומעדיג אַ מורא,
מוז ער טאָן און טאָן...

.1917

# י אַ ג ד

זאַמען אין דער האַנט,
גערן איך און איך גער,
וואַרף איך און איך זעע
אויפ'ן גאַנצען לאַנד...
זעען אַזוי שערן —
זעע איך אויף אַ שטיין
זאַמען אַלערליי...

נעצען פאַר'ן פאַנג
זיץ איך און איך שטריק...
קניפּ איך און איך פליק
טעג און יאָהרענלאַנג...
נעצען אַזוי שערן,
פישען אַזוי קליין —
בלייב איך ביים געשטריק...

פיילען אָהן אַ צאָהל,
זאַמעל איך און קלייב...

נעהם איך זיי און טרייב
איבער באַרג און טאָל...
— שיסען אזוי שעהן
שים איך זיך אליין
פיילען אינ'ם לייב...

.1917

# אַהן רודזַף

וואַרף איך דעם רודער אַוועק פון דער האַנט
כ׳דאַרף איהם ניט מעהר...
טוט מיך ניט קימערען דאָ און דאָרט,
הין אָדער הער.

טראָגען זאָל יעטוועדער נאַרישע וועל,
פיהרען — דער ווינט.
געהט עס צום אָפּגרונד, אָדער צום ברעג —
א י ך וועל זיין בלינד...

.1903

# דאָס גרויסע וואָרט

אַמאָל אין אַ געוויסען טאָג
האָט ע ר
(וואָס איז דער הילוק ווער ?)
געטאָן ניט־ווילענדיג אַ זאָג
אַ וואָרט,
און גלייך געכאַפּט זיך אויפ׳ן אָרט,
אַז ע ר, דער טאַטע, איז
אַ קאַרליק, און זיין קינד אַ ריעז...
און נאָהנט,
איהם סאַמע ביי דער האַנט,
איז אויסגעוואַקסען דער גיגאַנט
און האָט געמאָהנט:
„ווער גרויס, ווער גרויס ווי איך..."

דאָט ע ר
(וואָס איז דער הילוק ווער ?)
גענומען בעטען זיך:
מיין קינד, מיין קינד —

עס איז צו־שפּעט...
פֿאַרגיב מיין זינד
(אויב שוואַכקייט איז אַ חטא),
איך בין געבאָרען קליין
און קאָן ניט וואַקסען מעהן.

האָט איהם דער ריעז,
(אָ שאַנד און גרויל!)
געטראָטען מיט די פּיס
און איהם באַשפּיגען:
„דו זאָגסט אַ ליגען —
ביזט פויל, ביזט פויל...״

איז ער
(וואָס איז דער חילוק ווער?)
געלעגען און פֿאַרגאָסען טרערען:
„מיין קינד, ניט פלוך...
איך זוך און זוך
און קאָן ניט גרעסער ווערען...״

# ביים בוימשפּיץ

און פיעל מען זאָל פרוכטען ניט קלייבען,
וועט אויבען ביים בוימשפּיץ פאַרבלייבען
אַן איינציגע פרוכט,
ניט געפליקט, ניט פאַרזוכט,
וואָס וועט לאַכען אין זון און אין שטראַלען
פון יענע, וואָס זיינען געפאַלען...
און אַ ווינטעל וועט קומען צוגעהן
און געבען אַ גלעט: דו אַליין
ביזט די קרוין און די פּער און דער שיין,
און דער לוין פון דער שטאָלצער וועט זיין:
געהויבען אין הימעל צו שטאַרען
און פאַמעליך, פאַמעליך פאַרדאַרען...

# אויפ'ן שטראָם

... ווי אַ הערבסט-בלאַט
אויף דעם גרויסען ברייטען שטראָם...
זיכער, ברייט און מאַכטיג
אויפ'ן האַרץ פון שטראָם...
גרינג און פול מיט אַלע לאַנג-פאַרגליהטע זונען,
און אַלע אומגעבאָרענע געזאַנגען,
איילענדיג אין לאַכיגקייט און ליכטיגקייט,
צום אונטערגאַנג...

... ווי אַ הערבסט-בלאַט
אויף דעם שימעריגען וואַסער-פאַל,
שפרינגענדיג פון פעלז צו פעלז,
אין ווירבעל און אין שמחה,
אין פולען, קאָכיגען גערויש,
צום אונטערגאַנג...

זינגט דאָס הערבסט-בלאַט:
דו ביזט שטאַרק און יונג,

אויביג שטאַרק און יונג...
ווער ?... איך ווייס ניט...
אָבער שטאַרק, שטאַרק ביזטו,
דו גרויסער נאָמענלאָזער, אומבאַצוואונגענער,
דו העלער אונטערגאַנג...
און אויף דיין האַרצען
ווערט דאָס הערבסט־בלאַט יונג,
ציטערט דאָס טויטע הערבסט־בלאַט,
פול מיט פרייד און מאַכט און יוגענד,
צום אונטערגאַנג...

1918

# מ אַ כ ט י ג

מאַכטיגער פון לעבען,
שטאַרקער פון'ם טויט —
ביזט ד ו...

זיכערער פון הימעל,
פעסטער פון דער ערד —
דיין רוה.

ליכטיגער פון שטערען,
העלער פון דער זון —
דיין זעל...

איבער אַלע וועלטען,
איבער גאָט און שד —
באַפעהל !...

1918

# צו וואָס?

פאַלען צו די אָווענט־שאָטענס,
עפּענט זיך די טיר פאַנאַנדער —
קומט אַריין אַ ווייסער זקן,
קענטיג פון אַ לאַנגען וואַנדער...

מורמעלט ער: „איך האָב געזוכט דיך,
און אַצינדער דיך געפונען...״
גיט ער מיר אַ קנויל פון פעדים
און ער זאָגט: „ער איז געשפונען,

„פרעגט ניט וואו און ניט פון וועמען —
נעהם זיך פלייסיג צונ׳ם וועבען...״
און דער זקן איז פאַרשוואונדען,
מעהר קיין עצה ניט געגעבען...

וועב איך טאָג פאַר טאָג און וויים ניט,
ווער עס וועט מיין אַרבייט נעהמען...
וועב איך פלייסיג און איך פרעג ניט,
ניט „צו וואָס?״ און ניט „פאַר וועמען?״...

1916

# דער שטילער קיניג

...און ווייל מיר האָבען עס באַגעהרט
האָט איטליכער געטראַכט: אָט וועט
אַ טיר געעפענט און אַריין
וועט איינער, אָנגעקליידט אין שיין,
און שטראָמען וועט פון איהם אַ חן,
וואָס וועקט אי שמחה, אי געוויין...
און וועט ער אויסשטרעקען זיין רעכט,
וועט ווערען יעדער איהם אַ קנעכט,
און אַלע וועלען זאָגען לויט:
„מיר האָבען ליעב און זעל פאַרטרויט
צו דיר, און קיינער פון אונז זאָל
זיין ווידערשפעניג, און זיין קול
אַקעגען דיר ניט הויבען... דו
וועסט זיין דער אַנקער און די רוה...
דער פליגעל וואָס באַשיצט און טראָגט
די פאָהן פאָראויס, די רוט וואָס שלאָגט..."

און איינער איז געזעסען, שוואַרץ
און פינסטער, מיט באַקלעמטען האַרץ,
אין אונזער מיט, און אונזער שפּראַך
געוועזן איז זיינע: „איך בין שוואַך,

און זוך מיט קראַנקע טריט דעם טייך
פון טרייסט און הילף מיט אייך צוגלייך,
און וואו איהר געהט, דאָרט געה איך מיט..."

האָט אָנגעהויבען זיך אַ ליעד
פון איהם צו שפּינען, זאַכט און זאַכט
דורך איטליכען פון אונז... ערוואַכט
האָט דאָ און דאָרט, — ווי אין דער צייט
פון פריהלינג, קווייטען ביי דער זייט
פון וועג — אַ ריינע, פרישע פרייד...
און טרעלען פון אַ ווייטער פלייט
געקלונגען האָבען פול מיט ליכט...

און טריב געווען איז זיין געזיכט
ווי פריהער, נאָר אַ גרויסע טרער
האָט אויף זיין ברעם געשטראַלט...

„ס'איז ער" —

געפאַלען איז אַ וואָרט, און גיך
געווענדט די אויגען האָבען זיך
צו איהם, און יעדער האָט די ברוסט
געקלאַפּט און איהם די פיס געקושט...
האָט אונזער בוקען וועה געטאָן
דעם שטילען קיניג אָהן אַ טראָן,
איז ער אַוועק, און אונזער ליעד
האָט אָפּגעהאַקט זיך אין דער מיט...

1916

# הין און הער

איין שטערען האָט געגערעדט צום צווייטען,
און צווישען זיי געוועזען איז די ערד,
איז מיר אַ וואָרט פאַרבייגעפלויגען
האָב איך דאָס וואָרט געהערט...

איין שטערען איז אַוועק אין מזרח,
דער צווייטער פליהט אין מערב־רוים,
זוך איך אין מזרח און אין מערב,
דעם פאָטער פון מיין טרוים...

.1914

# שטומע וועהען

אַ גרויסער פויגעל איז פון דר'הויך צו מיר געקומען,
און האָט אַ הייסע קויהל געבראַכט אין זיינע קלויען.
האָט ער די הייסע קויהל מיר צוגעלעגט צום האַרצען,
איז דאָרט אַ ווילדע בראַנד געוואָרען אָנגעצונדען...
האָט ער די הייסע קויהל געלעגט צו מיינע ליפּען,
איז אָפּגענומען פלוצים מיר די שפּראַך געוואָרען...
בין איך געלאָפען דורך די גאַסען מיט אַ פייער
אין מיינע אינגעווייד און האָב געברומט פון וועהטאָג,
און קיינער האָט צומאָל מיין קרעכצען ניט פאַרשטאַנען...

אַ גרויסער פויגעל איז פון דר'הויך צו מיר געקומען,
און האָט אַ הייסע קויהל געבראַכט אין זיינע קלויען...
האָט ער פון גאָט'ס מזבח זי אַראָפּגענומען?
האָט ער פון גיהנום'ס פלאַקער זי אַרויסגע'גנב'עט? —
כ'האָב נעכט נאָך נעכט געוואָרפען זיך אויף מיין געלעגער,
איך האָב געיאָמערט אין דער פינסטער פאַר די שטערען:
„פון וואַנען, זאָגט, פון וואַנען איז די הייסע קויהל גענומען?"
און קיינער האָט זיך אויף מיין וועהטאָג ניט דערבאַרעמט,
און קיינער האָט צו מיר ניט צוגעקעהרט זיין פּנים...

אַ גרויסער פויגעל איז פון דר'הויך צו מיר געקומען,
וואָס האָט ער מיר געבראַכט ? אַ ליכטיגע מתנה,
וואָס וועט מיך לייטערען און גרייסען מיין נשמה ?
אַ טייוועל-שטראָף וואָס וועט מיר טויזענד טויטען ברענגען,
און טויזענד מאָל אין טיעפע גרונטען מיך פאַרזינקען ?...
אַ גרויסער פויגעל, לאָז די ווילדע בראַנד מיך צעהרען,
מתנה אָדער שטראָף, איך וועל דיין נאָמען בענשען,
נאָר קום און ברענג אַ היילונג צו די ליפּען מיינע,
קום הייל די צונג און לאָז דעם פלאַמען-וועהטאָג ריידען...

.1916

# די וואַנדערער

גערט אַ וואַנדערער אין האַסט,
אין אַ זאַק אַ שווערע לאַסט.

אײַנגעדרערט דער לײַב אין דרײַ,
און דער פּנים גראָ ווי בלײַ.

„האָסטו ערגעץ אין דער ווײַט,
ווײַב, צי קינד, צי ליעבע לײַט?"

קוקט ער זיך צעשראָקען אום:
כ'בין אַ פרעמדער אומעטום...

„וואָס פאַרגינסטו זיך ניט רוה,
אַז דו האָסט ניט גערן אַוואו?"

ענטפערט ער פאַרצאָגט און קראַנק:
נײַטיג, נײַטיג איז דער גאַנג"...

„האָסט געווים, דו בלייכער גאַסט,
אין דיין זאַק אַ טייער לאַסט ?"

ברעכט ער אוים אין אַ געוויין,
און ער ווייזט מיר דאָרט — אַ שטיין...

.1918

# אין געוועט

יאָגט דאָס רעדעל ווי דער ווינט
און אַ בלינדע זיצט און שפּינט...

„בלינדע, בלינדע, זאָג ביז ווען,
ביים געשפּין דיך וועל איך זעהן ?"—

„אָהן אַ צאָהל די נעכט און טעג,
און די קנוילען אָהן אַ ברעג..."

„אויפ'ן שפּינדעל פעדים צוויי —
זאָג מיר, וואָס באַטייטען זיי ?—"

„פאַדעם לעבען, פאָדעם טויט,
אויפגעפלאָכטען אין אַ קנויט..."

„בלינדע, בלינדע, וועמעס האַנט
וועט איהם צינדען, מאַך באַקאַנט..."

„האַנט פון גאָט, צי האַנט פון שד,
ביידע געהען אין געוועט..."

1918.

# די בריק

בין איך די בריק...
אַריבער מיין געניק
די מחנה ציהט פון ברעג צו ברעג,
צו גרויסע טעג,
צו גליק...

בין איך די בריק, און הענג
אויף פינסטערע און שוואַרצע הייהלען,
און זעה דעם תהום, און זעהר די שלענג,
און טו עס ניט דערצעהלען...

בין איך די בריק, און נאָכאַנאַנד
די מחנה ציהט צום שעהנעם לאַנד,
מיט פרייד און מאַכט...
און טאָג און נאַכט
און פריה און שפעט,
אויף מיינע ליפען וואַכט
און ציטערט אַ געבעט:
„גאָט, גיב מיר קראַפט,
„איך זאָל ניט ווערן אָפגעשלאַפט..."

.1916

# דער שטאַרקסטער

כ׳וועל זיין דער שטאַרקסטער צווישען אייך,
ניט בליץ, ניט באַרג, ניט שנעלער טייך —
כ׳וועל זיין דער טוי וואָס פאַלט צו דר׳ערד
און נעהרט...

כ׳וועל זיין דער שטאַרקסטער ווען איך קום...
סאַי שטאָלצער בוים, סאַי שטילע בלום —
וועט נעמען יעדער מיין געטראַנק
מיט דאַנק...

כ׳וועל זיין דער שטאַרקסטער אינ׳ם לאַנד...
כ׳וועל זיין דער שפּרוך וואָס היילט, די האַנט
וואָס שטיל און אומגעזעהן פאַרקניפּט
און ליעבט...

.1916

# פאַרשלאָסען

וואָס איך זוך ?... דאָס זאָלסטו מיך ניט פרעגען,
איך בעט ביי איטליכען וואָס איך באַגעגען :
אָ גוטער מאַן, דו זאָלסט מיין נביא ווערען,
און זאָג מיר אויס, וואָס טוט מיין הארץ באַגעהרען...

וואָס איך טרוים ?... ווי קען איך עס אַנטפּלעקען,
עס ליעגט פאַרשלאָסען דעקען אונטער דעקען...
נאָר קלאַפּען הער איך הינטער טיר און ריגעל,
און אָפט אַ פלאַטער פון אַ ווייטען פליגעל...
.1916

# וואַרטען

איך וועל די ליפּען פעסט פאַרמאַכען,
איך וועל ניט וויינען און ניט לאַכען,
איך וועל ניט אומגעדולדיג גאַהרען,
און וועל דעם ראָד פון טעג ניט שפּאַרען...
איך וועל פון מח אַלץ פאַרמעקען,
און בלייבען ווי אַ לערער בעקען,
וואָס ליגט און וואַרט אָהן אייגען ווילען —
אַ האַנט זאָל קומען און איהם פילען...
איך וועל ניט געהן אַ טריט אַנטקעגען —
וואָס קומט זאָל קומען ווי אַ רעגען,
און איך וועל טרינקען און ניט פרעגען,
פון וואַנען און אויף וועלכע וועגען...

# די שעה

גאָט'ס ברכה איז געקומען —
וואָס שטעהסטו בלאַסער נאַר?
ניט קוק פאַרגאַפּט און האַר,
נאָר אַלע כלים שנעל גענומען,
די קעסלען און די טעפּ,
און צאַפּ און שעפּ
די גאָב, ווי לאַנג זי געהט ניט אויס...
און פעהלען כלים אין דיין הויז,
אַ רגע ניט פאַרליר און לויף,
און באָרג אויף גיך צונויף,
פון דיינע שכנים אַלטע קריג,
און אייל צוריק,
און פיל זיי אָן און שטעל אַוועק,
פאַר שטונדען און פאַר טעג,
וואָס קומען,
ווען אַלע פויגלען וועלען שטומען,
און קאַלט זיך וועט דער הימעל שפּרייטען,
און פינסטער וועט דיין שטערען זיין,
און דו וועסט לינדערען דיין פּיין —
פון גרייטען...
1917

# וואוהין?

לאַנג די יאָהרען, פיעל די וועגען,
ביז דערוואַנדערט צו די ברעגען,
וואו מיר האָט דער ים געזונגען...
זיינען וועלען צוגעשפּרונגען,
און מיר קיהל די פיס געצוואָגט,
און געררופען און געלאָקט:
קום דו שוואַכער, באָד די גלידער,
אין דעם שטראָם פון „קיינמאָל־ווידער"...
האָב איך מיט געשווינדע פינגער,
פון מיין לייב דאָס קלייד געריסען:
אינדען, אינדען, טראָגט מיך גרינגער,
לאָמיך מעהר פון ברעג ניט וויסען,
לאָזט מיך מעהר צום לאַנד ניט קומען...
האָט דער ים גענומען ברומען,
האָט דער ים גענומען קלאָגען
און געטראָגען און געטראָגען
און איך ערגעץ ניט געבראַכט...
האָב איך נאָכ'ן ברעג געשמאַכט,

און זיך בלינד געוויינט די אויגען:
וואו זאָל איך איצט אַנטרינען?
כ'האָב מיין קלייד אַראָפּגעצויגען,
וואו וועל איך עס געפינען?...

.1918

# גערויסהייט

ווייס איצטער יעדער ווינקעל פון מיין זעל,
אַז דו ביסט  ד אָ — אַמאָל אַ שטילער טרעל
וואָס צאַפּעלט-אויף און ווערט אַנטשוויגען באַלד...
אַמאָל אַ פונק וואָס טאַנצט אין שוואַרצען וואַלד
פון בלאַט צו בלאַט אין שטילע תמוז-נעכט...
אַמאָל אַ ליכטיג פעדימעל וואָס פלעכט
זיך אומגעזעהן אין אַ געדיכטען טוך...
אַמאָל ווי צווישען שורות פון אַ בוך...

ניט זוכען וועל איך דיין געהיימע רוה,
ניט בלאָנדזשען לענגער אויף די וועגען וואו
כ'האָב אַלע בעטלער אויסגעפרעגט אומזיסט,
מיט טרעהרען אין די אויגען, וואו דו ביסט ? —
נאָר שטאַרק וועט זיין מיין האַרץ, די ליפּען שטום,
און פריידיג טראָגען וועל איך אומעטום
מיט זיך, דאָס זיסע וויסען אַז איך לעב
אין מיטען פון דיין הייליגען געוועב...

און וועט אַ זונשטראַהל שפּילען אויף אַ שויב,
צי אויף איהר שלאַק וועט פלאַטערען אַ טויב,
צי קינדער וועלען טאַנצען אין אַ ראָד,
צי איך וועל זעהן אַ מיטלייד־טרעהר וואָס באָדט
אַן אויג — זיך זאָגען וועל איך „דאָס איז  ע ר“...
און אַלצדינג וואָס איז שוואַרץ אין מיר און שווער,
פאַרזינקען וועט אין דיר, און דיר אַליין,
ווי אין אַ קלאָרען טייך פאַרזינקט אַ שטיין...

.1916

# אויף מוטער רחל׳ס קבר

אָ מוטער הייליגע, דו ביזט דאָך פול
מיט ליעבשאַפט און מיט רחמים אָהן אַ גבול
צו דיינע קינדער אַלעמאָל געווען —
פאַרנעהם די תפלה מיינע, ווען איך לעהן
מיין הייסען שטערן אָן דעם קאַלטען שטיין,
וואָס היט זינט הונדערט דורות דיין געביין...
און ווייס איך ניט צו בעטען ווי מען דאַרף,
שלייף מיינע ליפען און מיין צונג פאַרשאַרף,
און לעג מיר אינ׳ם מויל אַ וואָרט, וואָס האָט
די מאַכט צו גרייכען ביז דעם טראָן פון גאָט...

אָ מוטער הייליגע, מיין אויג איז בלינד...
איך האָב געזיפט דעם ים, געאַקערט ווינט,
איך האָב געזוכט אויף לינקס, געזוכט אויף רעכטס,
און ווייס ניט מעהר וואָס גוט איז און וואָס שלעכטס...
בין איך פון וויים געקומען צו דיין גראָב,
אַ פרעמדער בעטלער מיט געבויגטען קאָפּ,
אַ וואַנדערער, וואָס ווייס ניט וואו זיין לאַנד,
אַ יתום, וואָס איהם פעהלט אַ מאַמע׳ס האַנט...

אָ מוטער הייליגע, מיין האַרץ איז קראַנק,

אַריינגעלאָזען האָט אַ בייזע שלאַנג
אין מיין געמיט און מיין געבליט אַ סם...
נעהם מיין נשמה ווי אַ טרייע אַם,
און לאָמיך טרינקען פון דיין ריינער זעל,
ווי פון אַ פרישען ברונעם, ביז איך וועל
גענעזען ווערען און דערזעהן דעם שיין,
וואָס שימערט אין דעם שוואַרצען תהום פון פיין...

אָ מוטער הייליגע, איך וויין און הער,
ווי פון דער טיעפקייט קומט צו מיר אַהער
דיין שטילער מיטגעוויין, דיין קול וואָס גלעט
און טרייסט און העלפט מיר זאָגען מיין געבעט:
אָ גוטער גאָט, ניט שלים פאַר מיר די טיר,
ניט לעג אַ שטרויכלונג אויף דעם וועג צו דיר,
נאָר שטרעק דיין האַנט, און העלף מיין שוואַכען טראָט,
און שפרייט אויף מיר דיין פליגעל פון גענאָד...

אָ מוטער הייליגע, ווען איך גאָה פון
דיין טונקעלען געוועלב אַרויס אין זון,
זאָל מיר די רגע, וואָס איך האָב באַריהרט
דעם צודעק פון דיין קבר און געשפירט
די טרייסטונג דיינע, תמיד זיין אַ שוץ
אַקעגען בייז, אַ וועגווייזער צו גוטס,
אַ הילף בייטאָג אין וואָס איך טו און טראַכט,
... ווי אַ הערבסט-בלאַט

אַ שומר מיר צוקאָפּען ביי דער נאַכט...
.1915

# אַ תּפלה

אַ דאַנק דיר און אַ לויב, דו ליכטיגע גענאָד
פון הימעל אָדער ערד, פון מענשען אָדער גאָט,
וואָס לייכט מיין וועג און שטאַרקט מיין האַנט, און עפענט ברייט
די קאַמערען פון קראַפט, די טויערען פון פרייד...

אַ דאַנק דיר און אַ לויב, דו שטיל און האַרציג וואָרט,
געהערט גאָט וויים פון וועם, גאָט וויים אין וועלכען אָרט,
וואָס שפּראָצט און זאַפטיגט אין אַ ווינקעל פון געמיט,
און לייטערט העל דאָס אויג, און לייכטערט אַלע טריט...

אַ דאַנק דיר און אַ לויב, דו בלום, צי טרוים, צי בליק,
צי שורה פון אַ בוך פאַרגעסען לאַנג צוריק —
אַ העלער טריף, וואָס וואַקסט פאַנאַנדער אין אַ טייך,
אַ קערענדעל פון גאָלד, וואָס ווערט אַ קיניגרייך...

אַ דאַנק און לויב, פאַר אַלע אוצרות וואָס איך האָב

פון לעבענ׳ם האַנט געגומען, און פאַר יעדער גאָב
פון טויט, פאַר יעדער וועהטאָג וואָס איך האָב
פאַרשקלאַפט,
פאַר יעדער פיין און אַנגסט וואָס איז געוואָרען קראַפט...

1918

# תהלים

.1

וואויל צו דעם, וואָס דו האָסט אויסדערוועהלט,
און איהם געשטראָפט, און איהם צוגלייך געהיילט...

וואויל צו דעם, וואָס האָט געזאָגט : איך לויב
די האַנט, וואָס האָט מיין שטאָלץ געוועלצט אין שטויב...

וואויל צו דעם, וואָס זאָגט : איך האָב אין האַסט
געפלוכט אַמאָל, און האָב אַמאָל געהאַסט,
איז פון דעם פלוך געבליבען מיר אַ פלעק,
האָט מיר דער האַס פאַר'מיאוס'ט מיינע טעג...
ביז פול געטרונקַען האָב איך זיך מיט וועה,
און ריין געוואָרען איז מיין זעל ווי שנעע...

וואויל צו דעם, וואָס האָט געזאָגט : נעהם צו
מיין האָפערדיג געמיט און גיב מיר רוה...

וואויל צו דעם, וואָס זאָגט : די וועלט איז שעהן,
און ווערט זי מיאוס, בין איך עס אַליין...

וואויל צו דעם, וואָס האָט געזאָגט: איך וויל
ניט מאַכט, ניט רוהם, נאָר ליעבען וויל איך פיעל...
און ריידען מיינע ליפּען, זאָל עס זיין
אַ באַלזאַם איינעם אין אַ וואונד אַריין,
און קוקען מיינע אויגען, זאָל עס זיין
אין איינעמ׳ס נאַכט אַ לייכטונג און אַ שיין...

1916

## 2.

גם כי אלך בגי. צלמות...

(תהלים כ"ג, ד')

איך האָב געוויינט אַ גאַנצע נאַכט,
האָט מיר די נאַכט אַ הילף געבראַכט....

איך האָב געוויינט, האָט מיין געוויין
דאָס האַרץ מיר אויסגעוואַשען ריין..

האָב איך געטרונקען שטיל מיין פּיין,
ווי איינער טרינקט אַ קיהלען וויין...

האָב איך געזאָגט: מיין שמערץ איז גרויס,
ווענסט דו מיר נעהמען אין דיין שויס...

האָב איך געזאָגט, איך בין אַ קינד,
וואָס זוכט זיין פאָטער און געפינט...

און ווען איך שטרויכעל און איך פעהל,
איז תמיד גרייט פאַר מיר דיין שוועל...

און ווען איך גערה אין וויסטען טאָל,
פון ווייטען רופט צו מיר דיין קול...

און ווען איך מעק דיין נאָמען אויס,
ביזט דו דער היטער פון מיין הויז...

און ווען איך פיל מיט שטאָלץ זיך אָן,
מיט מיטלייד קוקסטו פון דיין טראָן...

און ווען איך בין ביים לעצטען ראַנד,
שטרעקסט דו צו מיר דיין שטאַרקע האַנט...

1916

# גאָט׳ס הויז

(1)

דאָס הויז פון גאָט וועט קיינמאָל ניט פאַרשלאָסען ווערען,
און אויסגעהן וועלען ניט די קנויטען אין די רעהרען,
און אַלע וועגען וועלען זיך אַהינצו שפּינען,
און יעדער וואַנדער־טויב וועט דאָרט אַ נעסט געפינען.

און ווען דו וועסט נאָך ווילדע טעג און רויטע נעכט,
אין פינסטער דרעהען זיך און צאַפּלען אין אַ פלעכט
פון שדים־שטריק, מיט גראָער אַש אויף דיין געמיט,
און בלוי אין בלוט, און טריפּזאַמד אונטער דיינע טריט,
וועט שטעהן אין שטילען טאָל דאָס שטילע הויז פון גאָט,
אָהן כעס, אָהן האַס, אָהן טאַדעל און אָהן שפּאָט...
דאָס ליכט וועט ברענען, און דער טויער וועט זיין אָפען,
און קיינער וועט ניט רופען, קיינער וועט ניט שטראָפען
נאָר ביי דער שוועל וועט שטעהן גאָט׳ס ליעבשאַפט
און וועט האַרען
צו קושען דיר די וואונד, און היילען דיינע צער׳ן...

(2)

ווען איך געה און ווען איך ליעג,
אין מיין וועה און אין מיין גליק,
פלאַטערט עפּעס מיר אַנטקעגען,
העל ווי זון אין טראָפּענס רעגען,
ווייך ווי יונגע פעדים גראָז,
נאָכ׳ן ערשטען פריהלינג-גאָס...
זעץ איך עס אין ווערטער איבער:
„פאָטער מאַכטיגער און ליעבער,
אַלע וועגען, קרום און גלייך,
ברענגען צו דיין קיניגרייך...״

1919

# גענאָד

.1

אויף דיינע אויגען טאָג און נאַכט,
און אין דיין האַנט פון פריה ביז שפּעט,
איך וויג זיך אויף דיין פעסטער מאַכט,
מיין יעדער האַרץ-שלאָג אַ געבעט.

מיט יעדער שעה אַ ליכט אַ נייס,
מיט יעדען טאָג אַ נייע פרייד,
דו פּאַראַוויס, און שפּרייז נאָך שפּרייז
דיר געה איך נאָך געטרייסטערהייט.

איך דריק זיך אין מיין קליינעם נעסט,
און ווער ווי אַלע וועלטען ברייט,
איך שליס די אויגען מיינע פעסט,
און זעה דיין שימער בלינדערהייט...

.2

כ׳האָב אויסגעשטרעקט מיין האַנט, ווי אַ קינד זיין האַנט
אין רעגען,
און פיל געקומען איז דיין ברכה מיר אַנטקעגען.

האָב איך אַ טייל געטרונקען און אַ טייל געלאָזען
דורך מיינע פינגער רינען אויף די טויטע גראָזען,

האָט אויסגעשפּראָצט אַרום אַ רייך געבענשטער באָדען,
און איך אין מיט פון דיינע פרוכטבאַרע געגנאָדען...
.1919

# אַ בּוראַ־געבעט

בּוראַ,
גרויס דיין האַרץ און טיעף
ווי הונדערט ים׳ען,
רוהיג ווי דער שניי פון הימאַלאַיאַ
אין דעם ווייסען מאָרגען —
טרינק אריין מיין זעל,
ווי די ערד טרינקט איין
אַ שפּרענקעל טוי געבליבען פון דער נאַכט,
ווי די זון זויגט איין
אַ הייטעל נעבעל אויפ׳ן גאַנגעס־טייך,
ווי די פולע נאַכט פאַרשלינגט
דעם שאָטען פון אַ שמעטערלינג...
לאָמיך שלומערען אין דיר,
ווי אַ בלינדער זאָמען שלומערט
אין דער וואַרמער בייט,
און שפּירען בלינדערהייט,
ווי אַלע וועלטען צוקען דורך דיין האַרץ...

בודאַ,
טונקעל רוישט צו מיר דער וואַלד,
וואו שטערען פּאַלען אין דער נאַכט,
און שפּראָצען אויף באַגינען
ווי ווייסע בלומען,
וואו טויט און לעבען פרוכפּערען איינאַנדער
אין ליעבשאַפט אָהן אַ ברעג —
לאָמיך אין דיין אויער זיין,
און הערען דאָס געזאַנג פון ליעבשאַפט,
אין דעם פּאַלען פון די בלעטער,
אין דעם פוילען פון די שטאַמען,
אין דעם הונגעריגען גראָבען פון דעם בלינדען קראָט,
אין דעם וועה־געשריי פון דער צעפּליקטער שוואַלב,
אין די גרינע אויגען פון דער מדבר־שלאַנג,
אין דעם טיגער׳ס צייהנער ביים פאַרצוקען,
אין דעם מעסער פריש פון ברודער־מאָרד...

בודאַ,
לעש אוים מיין פונק,
און וויקעל מיך אין דיינע פינסטערניסען,
צעברעך דאָס קליין געפעס,
און לאָז דעם טראַנק צערינען
אין דיינע פולע טייכען...

בודאַ,
דו ביסט אין מיין בלוט, און דיר איז ענג —

מאַך אויף דיין תפיסה, בודאַ,
און שפּרינג אַרויס...

לעש מיך אויס, און טרינק מיין זעל אַריין
אין דיינע פינסטערניסען...

פ

שאַטענס.
אַז אוינג.
דער זקן.
דער שומר.
דער וואַלד.
נאַכט.
אומרוה.
ערגעץ־וואו.
אַ פאַרדראַס.
פאַרלאָרען : 1. 2.

# שאַטענס

געפּאַלען איז אַ שאָטען אויף מיין שוועל,
און קיין געשטאַלט איז ניט אַריינגעקומען...
געהערט האָב איך דאָס שוימען פון אַ וועל,
און קיינער איז צום ברעג ניט צוגעשוואומען...

מיין זעל, מיין מידע זעל,
וועסט אייביג, אייביג וואַכען,
און אייביג, אייביג, פרעגען,
און תמיד וועט אַנטקעגען
דאָס לעבען שטעהן און לאַכען —
מיין זעל, מיין מידע זעל...

אַ פּאָדעם האָט פון קנויל זיך אָפּגעדריבעלט,
און איז אין פינסטערנים צו מיר דערגאַנגען,
האָב איך מיט מיה געצויגען און געגריבעלט,
און האָב אַרויסגעצויגען שלאַנגען...

מיין זעל, מיין מידע זעל,
האָסט דריבלענדיג אין פינסטערניסען
זיך פעדימווייז אַליין צעריסען —
מיין זעל, מיין מידע זעל...

.1914

# אַן אויג

אַ בלינדע טויבע נאַכט...
און שטום
אַן איינזאַם אויג שווימט אום,
און קוקט אויף מיר און וואַכט...
און ניט עס וויינט און ניט עס לאַכט,
און ניט עס שטראָפט און ניט עס שפּעט,
און ניט עס בעט,
און ניט עס מאָהנט...
נאָר שפּוקט אַרום פון אָרט צו אָרט
און שפּיאָנט —
אַמאָל פון דאָ, אַמאָל פון דאָרט,
אַמאָל פון ווייט, אַמאָל פון נאָהנט...

.1914

# דער זקן

דערצעהלט מיר דער ווינט דורכ'ן פענסטער אַמאָל:
פּאַראַנען אַ פּאַלאַץ פון גאָלד און קריסטאָל,
אין ערגעץ אַ טאָל...

די צימערען דורכגעהן נעמט פיער הונדערט טעג,
און פּערל און דימענטען רייַן אָהן אַ פלעק,
באַלעגען דעם וועג...

און צימער פאַר צימער איז שעהנער אין פּראַכט,
און איטליכם פון זיי איז סאַי טאָג און סאַי נאַכט,
מיט צעהן שלעסער פאַרמאַכט...

פאַר איטליכען שלאָס אַ באַזונדערער שפּרוך,
פאַר איטליכען שפּרוך איז פאַראַנען אַ בוך —
געה וואַנדער און זוך...

געפינט זיך אַ העלדישער מאַן אין אַ לאַנד,
וואָס זוכט ביז ער ווערט מיט די שפּרוכען באַקאַנט,
און ער שפּאַנט און ער שפּאַנט...

געהען וואָכען אַוועק און אַ יאָהר געהט פאַרביי,
און דער העלדישער ריטער ער וואַנדערט געטריי,
ביז ער קומט צום געביי...

געמורמעלט אַ וואָרט, טוען טירען אַ פּראַל,
קאַמער אויס קאַמער אַיין, געהט ער אום איבעראַל
ביז ער קומט צו אַ זאַל...

זיצט דאָרט אויף אַ טראָן אויף אַ הויכען אַליין,
אַ זקן פון האָר און פון הויט און געביין,
פאַרשטאַרט ווי אַ שטיין...

און בלאָ זיינע אויגען און פראָסטיג ווי שטאָל,
און וויינט ניט און לאַכט ניט און לאָזט ניט צומאָל
פון זיך הערען אַ קול...

ליגט דאָרט ביי דעם טראָן צו דעם אַלטען געקעהרט,
אַ שאַרפע און בליציגע קלינג פון אַ שווערד,
געגרייט אויף דער ערד...

„אַ פּאַק מיט דער שווערד, און דעם קאָפּ פון געניק” —
גיט פּלוצים דאָס אויג פון דעם אַלטען אַ בליק,
און די האַנט שפּרינגט צוריק...

און דער אָרעם ווערט שלאַף, און די פיס ווערען מיד,
און דער ריטער אויף דר'ערד קושט דעם אַלטען די טריט,
מיט פאַרשקלאַפטען געמיט...

און ער געהט פונ'ם שלאָס, און קעהרט אום אין זיין לאַנד,
און שיט אַש אויפ'ן קאָפּ, און באַטרויערט זיין שאַנד —
זיין מאַכטלאָזע האַנט...

און אָפטמאָל דערנאָך פון אַ פיבער פאַרצעהרט,
שטעהט ער אויף אין דער נאַכט און ער יאָטעלט
זיין פערד,
און ער פלוכט און ער שווערט...

און ער יאָגט דורך דער נאַכט צו דעם שלאָס פון
קריסטאָל,
ביז פון באַרג און פון טאָל, קומט אַ פינסטערער קול :
נאָר איין מאָל ! נאָר איין מאָל !

.1918

# דער שומר

האָט געריי‌זט דער מכשף אַ יאָהר מיט אַ טאָג,
און געפונען די הייהל מיט זיין צויבערשען שטאָק.
דערזעהט ער אַ שלאַנג הונדערט איילען די לענג,
און אויגען אַזוי ווי אַ מדבר מיט שלענג —
אַ שליימיגער קנויל אין אַ שליימיגען קנויל,
מיט פייערען שוואַרצע און גרינע פון מויל,
און שיפּעט מיט שוועבעל : „געקומען דיין צייט" —
און צינגעלט און ווייזט אויף אַ בערגעל ביין זייט,
מיט שאַרבענס אויף שאַרבענס, און ריפּ אויף אַ ריפּ,
און לעבער אָהן אויגען און צייהן אָהן אַ ליפּ...
גיט דער יונג ניט אַ וואונק מיט אַ ברעם, און ער קעהרט
ניט אַ טריט אויף צוריק, און ער נעהמט אַזאַ שווערד,
און ער זאָגט אַזאַ וואָרט, און ער פעכט אַ געפעכט
דורך ליכטיגע טעג און דורך פינסטערע נעכט,
ביז אַ קוק — און דער שליימיגער קנויל איז ניטאָ,
און דער צויבערמאַן געהט אין אַ גליקליכער שעה
אויף אַ זילבערנער שוועל אין אַ פּאַלאַץ אַריין...
גיט פון איטליכען ווינקעל אין פּנים אַ שיין

אַ גילדערנער דיל מיט בריליאַנטען געדיכט,
און אין דימענטענע לייכטער צעהן טויזענטער ליכט,
און די בת־מלכה קומט ווי אַ זיידענע נאַכט
אויף אַ ווייסען באַזומערטען טייך, און באַטראַכט
זיינע אויגען, און גלעט איהם די האָר און די האַנט,
און דער לייב קוועלט ווי מילך פון דעם שפינוועבס־
געוואַנט.
פאַלט צו דער מכשף, און קושט איהר די קלייד,
און נעהמט איהר דערצעהלען, ווי ער האָט פון שייד
געצויגען די שווערד אָהן מורא און אַנגסט:
„און אפשר דו בת־מלכה שעהנע, פאַרלאַנגסט
דו צו זעהן וואו די שלאַנג איז געלעגען ביים שוועל,
און געשאָסען מיט שוועבעל און פלאַמען פון העל?"—
צעלאַכט זיך די זיידענע נאַכט, און עס פאַלט
אַ הויפען צעשאָטענע פערל, און פראַלט
פון גילדערנעם באַלקען צום גילדערנעם דעק,
און קייקעלט זיך איבער די זאַלען אַוועק,
און שפרינגט פון די פענסטער, און קנאַלט פון די ווענט...

מכשף, נאָך האָסטו דעם קול ניט דערקענט?

1919.

# דער וואַלד

דער וואַלד אַזוי גרין און דער בוים אַזוי שעהן,
געקומען דריי אינגלעך, דריי אינגלעך צו געהן,
געשפּרונגען אַרויף און געשפּרונגען אַראָפּ,
געשטיפּט מיט'ן בוים און געפּליקט איהם דעם קאָפּ...
דריי אינגלעך, דריי אינגלעך אין וואַלד...

דער וואַלד אַזוי אַלט און דער בוים אַזוי שטאַרק,
געקומען דריי יונגען מיט העק אויפ'ן קאַרק.
געהאַקט און געהאַקט ביז דער בוים האָט געקראַכט,
אַ קלאָץ אויף צו בויען אין וואָגען געבראַכט.
דריי יונגען, דריי יונגען אין וואַלד...

דער וואַלד אַזוי קיהל און די גראָז אַזוי שטום,
געקומען דריי אַלטע און קוקען זיך אום.
גערידעלט, גערידעלט, געפּענט די ערד,
באַגראָבען אַ מת און אַהיים זיך געקעהרט.
דריי אַלטע, דריי אַלטע אין וואַלד...

1917

# נאַכט

געשלאָפען זיינען אין דער שטוב אַ סך,
און איך אַליין — דאָס אויג געהאַלטען וואַך...
האָט דורך אַ שויב אַ שטערענדעל געלאַכט:
זיי זיינען טויט, און דיר געהערט די מאַכט...
האָב איך אַרויסגענומען גיך די זעל
ביי איטליכען און איינגעשלונגען שנעל,
ווי איינער שלינגט אַ פולע טרויב אַריין,
און וויפיעל זעלען אַזוי פיעל מיין פיין,
און אַזוי פיעל מיין פרייד צוגלייך...
און אונטען אין אַ מאַטען שיין
געלעגען איז מיין קיניגרייך —
די שלאָפעדיגע שטאָדט...
און ערגעץ אויפ׳ן וואַסער האָט
אַ שיף אַרויסגעברומט די אַנגסט פון ים...
און ערגעץ אין אַ ווינקעל איז אַ פלאַם
געשפרונגען און געלעקט די נאַכט...

. . . . . . . . . . .

און איך אַליין נאָר האָב געוואַכט...

1916

# אומרוה

אומרוה, אומרוה, הין און הער,
קיינמאָל מינדער, קיינמאָל מעהר,
ניט געזאַמט און אָהן געיעג,
נאַכט און טאָג און אַלע טעג,
וויפיעל לינקס אַזויפיעל רעכטס,
ניט צו גוטס און ניט צו שלעכטס —
אומרוה, אומרוה, האָסט אַ גיפט
מיר אין ברוסט אַריינגעטריפט...

אומרוה, שטעל זיך אָפּ אַ ווייל,
אָדער רוק זיך מיט געאייל,
אָדער וויַיז אַרוים אַ כעס,
אָדער ווער פון אַנגסטען בלאַס,
אָדער רויטיג זיך פון שאַנד,
אָדער שפּרינג אַראָפּ פון וואַנד,
נאָר ניט צעהל און צעהל אָהן צאָהל,
מיט דעמזעלבען קליפּ-קלאַפּ קול...

אומרוה, אומרוה, אין דער נאַכט
האָב איך אָפטמאָל אויפגעוואַכט,
און דיך צעהלענדיג באַגלייט
אויפ׳ן קול און שטילערהייט,
ביז מיך האָט אַ שוויים באַדעקט,
און איך האָב ביי דיר געפרעגט:
אומרוה, אומרוה, ווער און ווען
וועט דעם סוף פון צעהלען זעהן?...

אומרוה, בלויז אַ טויזענטטייל
פון אַן אויגענבליק ניט צעהל,
בלויז אַ טויזענטטייל בלייב שטעהן —
וואָס מכה דיר אליין?
ביסטו נאַריש אָדער קלוג? —
און דער ענטפער, נאָך אַ רוק,
און דערזעלבער קליפּ־קלאַפּ טאָן,
אָהן פּאַרדראָס און אָהן באַגעהר,
קליפּ און קלאַפּ, און הין און הער...

1918

# ערגעץ־וואו

כ'האָב ערגעץ־וואו אַ נעסט,
וואַרט גליק און רוה דערינען,
איך קאָן עס ניט געפינען,
און ס'רופט מיך און עס גריסט —
פאַרדריסט מיך און פאַרדריסט...

כ'האָב ערגעץ־וואו אַ זעל,
וואָס טוט צו מיר באַגעהרען,
עס פאַלען איהרע טרערען,
און כ'ווייס צומאָל ניט וואו —
דאָס גיט מיר ניט קיין רוה...

כ'האָב ערגעץ־וואו אַ שטאָק,
וואָס קאָן די ימים שפּאַלטען,
ער ליעגט פון מיר באַהאַלטען
און כ'ווייס, אַז ער איז מיין —
געהט מיר די וועלט ניט איין...

כ'האָב ערגעץ־וואו אַ שלאָס,
מיט שקלאַפען און אַרמעען,
איך ווייס ניט וואו זיי שטעהען,
און כ'בין אַליין און פרעמד —
דאָס קלעמט מיין הארץ און קלעמט...

# אַ פאַרדראָס

פון הימעל געפאַלען אַ שפּע מיט זונען
איז מיר אַ פאַרדראָס —
איך האָב ניט די שפּע פון הימעל געפונען
צו נעהמען אין וואָס...

פון הימעל אַ ליכטיגער רעגען געקומען
און האָט מיך פאַרשעמט —
געלאָזט מיך פאַרשמאַכט מיט אַ טרוקענעם גומען,
און באַפלייצט אַ געזעמד...

1917

# פֿאַרלאָרען

(1)

כ'האָב אַ חלום געזעהן אין דער נאַכט,
אין האָב איהם פֿאַרגעסען איןָ מאָרגען,
געגאַנגען בין איך און געטראַכט:
וואו ליעגט איצט מיין חלום פֿאַרבאָרגען?

כ'האָב אַ חלום געזעהן אין דער נאַכט,
און ער איז פֿאַרשוואונדען באַגינען,
ער ליעגט אין אַ ווינקעל און לאַכט:
וועסט, נאַרעלע, מיך ניט געפֿינען...

(2)

כ׳האָב דורך פעלדער און וועלדער געוואַנדערט:
מיין נאַכטיגער חלום וואו איז?
כ׳האָב אַלע סימנים פאַרלאָרען,
און ווייס בלויז — מיין חלום איז זים.

האָב איך אויף מיין וואַנדער געטראָפען
חלומות פיעל וואונדערבאַר שעהן:
האָט איהר ניט מיין חלום באַגעגענט?
געענטפערט מיר האָבען זיי: „ניין!"

געזשומט האָט אַ ביען מיר אין אויער:
קלייב אוים דיר אַ טרוים פון דאָס ניי...
געוויינט האָב איך שטיל און געבליבען
מיין אייגענעם חלום געטריי...

1913

## י״א

די שוואַרצע טיר.
שרעקען.
מיזערערע.
אשמדאי.
איבער'ן תהום.
דערווייסען.
דער וועג.
צעשניטען.
עמיצער.
דער לויערער.
פרעמדע.

# די שוואַרצע טיר

דאָ שיידען מיר זיך, ברודער מיין...
אַ שוואַרצע שווערע טיר
פאַלט צווישען מיר און דיר...
זעה, בלויז אַ קורצע שעה צוריק
געשמועסט האָבען מיר אינטים,
פון שעהנע פרויען און פון גאָט,
פון קונסט, פון טויט,
פון גרויסע זאַכען און פון קליינע...
האָסט גערעדט אַזוי געשיידט און שעהן,
כ'האָב איטליך וואָרט געטרונקען
אַזוי ווי אַ געשמאַקען מעד...
מיר האָבען פיעל געלאַכט,
און פיעל געקוקט זיך אין די אויגען,
און איינער אָן דעם צווייטען זיך באַרוישט...
אַזוי נאָהנט געוועזען,
אַזוי פריהלינגפריש און שטאַרק
אין אונזער פריינדשאַפט,
אַזוי צונויפגעגאָסען...

דער גאַנצער וועלט, און אַלע וועלטען
געשטעלט זיך חוצפּה'דיג אַנטקעגען,
דעם טויט אַריינגעלאַכט אין פּנים...
אַ קוק אויף דיר, און דיינע הענט אין מיינע —
און וואָס איז טויט?

און איצטער אויף מיין קישען,
אין פינסטערקייט פון צימער —
וואָס ביזטו מיר, און וואָס באַטייטסטו מיר?
די שוואַרצע טיר איז צוגעשלאָסען,
די טיר איז דיק —
וועסט ניט הערען,
ווי בייזע ברואים
פליקען מיין נשמה...
וואו וועט דיין האַנט זיין,
ווען איך וועל פאַלען
אַראָפּ, אַראָפּ, אַראָפּ,
מיליאָנען מיילען אין אַן אָפּגרונט?...
וואו וועט דיין קול זיין,
ווען איך וועל טויזענט טויטען שטאַרבען?

וואָס ביזטו מיר, און וואָס באַטייטסטו מיר?
פאַרוואָס דיר אַזוי וואַרם ריידען,
פאַרוואָס די האַנט דיר דריקען,
פאַרוואָס דיך גריסען ווי מיין טאָפּעל-זעל?
ביי טאָג — וועט זיין גענוג אַ גלימצער זון,

געזעהן דורך הויכע מויערען,
אַ פויגעל איבער מיין געזימס,
אַ וואָלקען־קראַצער קעגען רויטען אָווענט,
אַ שעהנע היפּש באַגעגענט אויף דער גאַס,
אַ וואונק געזעהן און גלייך פאַרגעסען,
אַ ווייטער פייף פון שיפען אויפ׳ן טייך...
און ביי דער נאַכט, און ביי דער נאַכט,
און ווען די טיר איז צוגעמאַכט,
ווערסט דו, מיין אויג־אַפּעל,
מיין שטאָלץ און פרייד, מיין טאַפּעל־זעל,
ניט מעהרער זיין ווי ז י י....

וואָס ב י ז ט ו מיר, און וואָס ב אַ ט י י ט ס ט ו מיר?

# שרעקען

אין די שאָטענס ליגען זיי,
אין דער פינסטער האַרען זיי —
האַרען זיי אויף וועמען ? —
אויפ’ן טישעל צאַנקט אַ קנויט,
ווי דאָס פייערעל ווערט טויט,
וועלען זיי מיך נעהמען...

ליכטעל, ליכטעל ניט פאַרגעה,
אין די עקע, וואַרטען זיי,
ווילקאָלאַקעס-ריעזען...
צייהן ווי מעסערס, נאָדלען האָאר,
און די אויגען ווי אַ פּאָר
אָנגעשאַרפטע שפּיזען...

ליכטעל, ליכטעל, צאַנק און צאַנק,
פינטעל מיד און פינטעל קראַנק,
נאָר ניט הער אויף פינקלען...
ווי עס לעשט זיך אוים דער פונק,

געבען וועלען זיי אַ שפּרונג
אַלע פון די ווינקלען...

ליכטעל, ליכטעל, געה ניט אויס —
אָנגעפּילט מיט זיי דאָס הויז,
זעה ווי בייז זיי קוקען...
נעהנטער, נעהנטער, אָט שוין באַלד
וועלען זיי מיך מיט געוואַלד
כאַפּען און פאַרצוקען...

.1916

# מיזערערע

אַ טויטער שוואַרצער ים,
אַ הימעל אויסגעלאָשען...
אַ גרויסער רויטער שטערען
אַנגעהאַנגען אין דער מיט,
און וויגט זיך הין און הער,
פּאַמעליך הין און הער...

ווייט ווייט אַהין זיך גראַבעלט
אַרויף צום נידעריגען הימעל,
אַ שאַרפע געלע קלוי,
אַ ראַנד פון אַ לבנה..

אין מיטען ים אַ פעלז,
אַ הויכער שמאָלער פעלז
און סאַמע אויבען — איך...
אַרום מיר לאַנגזאַם, לאַנגזאַם
פליהט אום אַ גרויסער פליגעל —
אַן אָפּגעהאַקטער פליגעל...

ווער האָט מיך דאָ פאַרגעסען,
ווער האָט מיך דאָ געלאָזט ?...

רייסט ווילד זיך פונ׳ם האַרצען
אַ שרעק-געשריי, אַ תפלה —
און צוגעשמידט די קעהל...
און הין און הער
דער גרויסער שטערען וויעגט זיך,
און רונד אַרום, און רונד אַרום
דער ווייסער פליגעל רודערט...

כ׳וועל שפּרינגען אינ׳ם ים —
אַ גאָט, דערבאַרעם זיך !...
באַנומען מיינע פּים,
צום האַרטען שטיין געוואַקסען —
אַ גאָט, דערבאַרעם זיך !...
עס וואַקסט דער פעלז אין מיר,
ער שטייגט אַרויף, ער שטייגט,
דערגרייכט שוין ביז׳ן האַרצען...
ווי שווער איך בין, ווי קאַלט —
באַלד וועל איך זיין אַ שטיין,
אַ שטיין אין מיטען ים —
אַ גאָט דערבאַרעם זיך !...
פאַרמויערט אינ׳ם שטיין
וועט בלייבען מיין געבעט,
וועט רייסען זיך אומזיסט
מיין אַנגסט-געשריי פון שטיין —
אַ גאָט דערבאַרעם זיך !...

.1916

# אשמדאי

אַ אשמדאי וויסטער —
איך האָב דיך געבונדען
די הענט און די פיס,
איך האָב דיך געשליידערט
אין קופּערנעם קעסעל,
דעם קעסעל מיט רייפען
פון אייזען באַשמידט,
דעם שטאָלענעם דעק
האָב איך זיבען מאָל זיבען
פאַרזיגעלט אַרום...

. . . . . . . .

זיץ איך אויפ'ן דעק
און עס טרייסעלט מיין האַרץ...
דערהער איך ער לאַכט
און ער ברעכט זיינע קייטען
אַ רינג נאָך אַ רינג —
באַפאַלט מיך אַן אַנגסט...

ווי שטאַרק איז מיין רייף
אוּן ווי הייליג מיין זיגעל ? —
זיץ איך אויפ׳ן דעק
פון אַן אימה באַנומען...

אַט וועל איך זיך הויבען,
וועט באַלד אונטער מיר
אַ זעץ טאָן אַ רויך,
אַ שפּאַר טאָן אַ פלאַם,
וועט אשמדאי שפּרינגען
פון קעסעל אַרוים,
וועט ער מיט די נעגעל
צעפליקען מיין האַרץ...

אָ זיגעל, אָ זיגעל,
ווי שטאַרק וועסטו זיין ?
זיץ איך אויפ׳ן דעק
און איך היט און איך ציטער...
און אשמדאי האַמערט,
און קלאַפּט אונטער מיר...

אָ רייפען, אָ רייפען,
ווי פעסט וועט איהר זיין ? —
דער אשמדאי בייסט
מיט די צייהנער דעם קופּער,
דער אשמדאי האַקט

מיט די פויסטען די ווענט,
דער אשמדאי שילט מיך
און לאַכט אַזוי ווילד...

אַ זיגעל, אַ זיגעל,
ווי שטאַרק וועסטו זיין ?—

.1916

# איבער׳ן תהום

אַ ברעג אַקעגען ברעג,
אַ פעלז אַקעגען פעלז,
און צווישען —
זיבען מייל די ברייט,
תהום׳ען אונטער תהום׳ען...
הונדערט טעג צו פאַלען
און אַ גרונט ניט צו דערגרייכען...
שאַרפער ווי אַ שווערד,
דינער ווי אַ האָר,
צווישען פעלז און פעלז
אַ פאָדעם אויסגעצויגען...
שטעהט אין מיטען פאָדעם
און טאַנצט,
אַ גרויסער,
אַ שוואַרצער,
פון לענד אַראָפּ אַ מענש,
פון לענד אַרויף אַ וואָלף...
און זעה —

אויבען אויפ׳ן אַקסעל
טראָגט ער מ י ך,
ווי אַן אָרגעל־דרעהער טראָגט
זיין מאַלפּע...
גראָב איך מיינע נעגעל
אין זיינע קאַלטע האָר,
און קלאַמער זיך...
ביים איך מיינע ליפּען
ביז בלוט
דער שפּרונג זאָל ניט אַרויס,
און שליידערען
דעם גרויסען,
דעם שוואַרצען,
אין תהום אַרונטער —
הונדערט טעג צו פאַלען,
און אַ גרונט ניט צו דערגרייכען...
ברענט דער שפּרונג דעם האַלז,
גראָב איך טיעף די נעגעל
אין די האַרטע וואָלף־האָר,
און מיר טאַנצען ביידע,
און איך שליס די אויגען :
„הונדערט טעג צו פאַלען
און אַ גרונט ניט צו דערגרייכען״...

.1917

# דערויסען

געפיהרט האָט מיך איינער
דורך פינסטערע וועלדער...
געדריקט ווי אַ בליי
האָט די נאַכט אויף מיין רוקען,
געגליווערט אין אַנגסטען
האָט איטליכער צווייג,
און די פייער־פליעג האָט
איהרע פונקען פאַרלאָשען...
געלעגען איז ערגעץ
פאַרלויערט דער ווינט...
געהערט האָב איך נאָר,
ווי געשטאָרבענע קרייטער
זיך ברעקלען און קנאַקען
מיר אונטער די פיס...
געשפירט ווי די קנעכלעך
זיך טיעפען אין טויט...

— געגאַנגען, געגאַנגען —

איך ווייס ניט ווי לאַנג...
דערגרייכט צו אַ טאָל
אינמיטען פון וואַלד...
אַרונטער, אַרונטער —
וואָס טיעפער אַלץ שמעלער
געווען איז דער טאָל...

אין גרונט איז געשטאַנען
אַ בנין אַ שוואַרצער,
אַ הויכער, אַ הויכער,
פיערעקיג געבויט...
מיט רייהען און רייהען
פון פענסטער אַרום —
צו זיבעציג פענסטער
אין איטליכער רייה...
געברענט האָבען אַלע
ווי בלוטיגע פלאַמען...

— וואו איז מיין פיהרער? —
גערופען, געשריען,
געבראָכען די הענט: —
„מיין פיהרער, דו פיהרער..."
אַ שאָטען איז האַסטיג
אין בנין פאַרשוואונדען...

מיין בליק איז געשפרונגען





אַרויף צו די רויטע,
פאַרבלוטיגטע פלאַמען...
דערהערט האָט מיין אויער
אַ ביטער געוויין...
ערשט איינער, דאַן צוויי
און אַ טויזענד דערנאָך...

„אָ, פיהרער, דו פיהרער —
דער איינגאַנג וואו איז?—"
געזוכט אין דער פינסטער,
געטאַפּט מיט די הענט,
געקלאַפּט אין די ווענט,
ביז בלוט איז גערונען
פון אַלע צעהן פינגער —
קיין טיר און קיין איינגאַנג
האָב איך ניט געפונען...
די פענסטער געפלאַקערט
הויך, זעהר הויך...
די גרויסע יללה
געוואָרען אַלץ שטאַרקער...

„אָ, עפענט מיר, עפענט
אַ טויער, אַ טיר —
כ'וועל שטעהן און וועל וויינען
צוזאַמען מיט אייך..."
מיין קול איז געפאַלען

צוריק אין מיין קעהל...
ס'האָט קיינער ניט, קיינער
געענטפערט מיין רוף...
ד ע ר ו י ס ע ן  געוויינט
האָב איך איינער אַליין...

1916

# דער וועג

צוויי דיקע וועגט פון פינסטערניש —
ניטאָ קיין סוף צו זייער הויך,
ניטאָ קיין מאָס צו זייער לענג...
צוויי הויכע ווענט, און צווישען זיי
אַ שמאָלער שטעג מיט טרעפּ אויף טרעפּ,
אַרויף, אַרויף דער שטעג זיך ציהט,
ביז ווייט אַהינצו קלעמען זיך
דיביידע ווענט צונויף...

און ווער איז דער, וואָס געהט אַליין ?...
פון ד'אויגען טריפט איהם טרער נאָך טרער,
און פון די פיס איהם רינט דאָס בלוט...
ניטאָ קיין היילונג צו זיין וואונד,
ניטאָ קיין טרייסטונג צו זיין שמערץ,
און אָהן אַ צאָהל די טרעפּ צו געהן,
און אָהן אַ קול די הויכע ווענט...

1915

# צעשניטען

צוויי שווארצע געשטאלטען
פארשלייערטע קומען
ביינאכט צו מיין בעט,
שטעלט זיך איינע פון לינקס
און די צווייטע פון רעכטס...
אפען די אויגען
און כ'קאן זיי ניט שליסען —
קוקען און קוקען
אויף מיר די געשטאלטען...
נעהמט איינע א מעסער
ארוים פון איהר מאנטעל,
די צווייטע זיך בויגט
און צרייסט מיר דאס העמד...

פארגליווערט דער בליק
און געשמידט צו דעם מעסער,
די אברים ווי שטיינער,
דער קאפ       ווי א בליי...

גיט דער מעסער אַ בליץ
און מיין ברוסט איז צעשניטען,
גיט אַ שטראָם און אַ שפּריץ
אויפ׳ן קישען דאָס בלוט...
נעהמט די מיט׳ן מעסער
אַרוים מיר דאָס האַרץ,
באַקוקט עס, באַטאַפּט עס,
און עמיצער לאַכט...

צעשניידט זי אין מיטען,
אַזוי ווי אַ מילגרוים,
אַ העלפט פאַר דער איינער,
אַ העלפט פאַר דער צווייטער...

אַוועק און פאַרשוואונדען...
די ברוסט איז געעפענט
און בלוטיגט און בלוטיגט,
די אויגען געעפענט
און כ׳קאָן זיי ניט שליסען...

# עמיצער

עמיץ האָט מיך דורך אַ באַרג־שלוכט
אויף די הענט געטראָגען,
עמיץ — מיך געדריקט צום האַרצען,
מיר געגלעט די שלייפען:
קינד, מיין אָרים קינד...

איז אַ פויגעל אָנגעפלויגען,
איז ער שוואַרץ און גרויס געוועזען,
איז געוועזן זיין שנאָבעל קופער,
שטאָל די קלויען זיינע...
האָט ער מיך געוואָלט פאַרצוקען,
האָט ער מיינע אויגען
פונ'ם קאָפּ געוואָלט מיר פּיקען...
האָט אַ האַנט איהם אָפּגעטריבען,
האָט אַ קאָפּ זיך אָנגעבויגען
און מיר אויסגעקושט די טרערען:
קינד, מיין אָרים קינד...

זיינען מיר געקומען
צו אַ שטראָם אַ גרויסען,

האָט ער ווילד געשטורעמט...
האָט מיך עמיצער געהויבען
אין אַ קליינעם שיפעל...
זיינען מיר געשוואומען
אויף די ווילדע אינדען...
א י י ן  האַנט האָט גערודערט,
און אַ צווייטע צערטליך
האָט מיך צוגעטוליעט:
קינד, מיין אָרים קינד...

איז אַ פיש געקומען,
מורא׳דיג די אויגען זיינע,
גרויס די מויל משונה...
האָט ער מיך געוואָלט פאַרשלינגען,
האָט אַ האַנט איהם אָפּגעטריבען,
האָט אַ צווייטע מיך געגלעט:
קינד, מיין אָרים קינד...

איז אַ טרער גערונען
אויף די באַקען מיינע,
ניט פון  מ י י נ ע  אויגען
איז די טרער גערונען...
האָט געשלוכצט אַ שטימע:
קינד, מיין אָרים קינד...

1916

# דער לויערער

גקומען אַ שטומער צו רייטען
אונ האָט זיך געשטעלט ביי דער טיר,
ביי נאַכט און ביי טאָג, אַלע צייטען,
ער הויערט און לויערט אויף מיר...

געזאָטעלט דער פערד אַ געגרייטער,
דער רייטער, ער שטעהט און ער וואַכט,
אַ שטאַרער, אַ שוואַרצער באַלייטער,
אַ וויסטער פאַרשפּרייטער פון נאַכט...

פאַרשלאָסען די טיר און דעם טויער
מיט שלעסער און ריגלען אַ סך,
פאַרשלאָסען דאָס אויג און דעם אויער,
ניט זעהן ווי ער שטעהט אויף דער וואַך...

פאַרשלאָסען... און דרויסען דער היטער
ער געהט ניט אַוועק פון דער וואַנט...
וואָס פּייניגסטו פינסטערער ריטער?
קום, נעהם מיך אין פינסטערען לאַנד...

1917

# פּרעמדע

אַ ליכט ביי איהם צו־קאָפּען
און ביי די זייטען צוויי,
אַ הויז געפּאַקט מיט מענשען —
פון וואַנען קומען זיי?

כ׳האָב אָפּגעדעקט דעם צודעק
און זיין געזיכט באַטראַכט —
מיט צוגעמאַכטע אויגען
האָט ער צו מיר געלאַכט...

אַן אַלטער איד צו־קאָפּען,
אַ צווייטער ביי דער זייט —
ער האָט צו מיר געשמייכעלט:
וואָס טוען דאָ די לייט? . . .

.1916

# דער אַלכעמיקער

שיקט צו זיך דער קיניג רופען
דעם מכשף פון מעטאַלען:
„אַלטער מייסטער, איז דאָס אמת,
אַז אין דיינע הענט געפאַלען
איז דער וואונדערשטיין, וואָס זוכען
פלעגט מען איהם אין אַלע צייטען?
אַלטער מייסטער, איז דאָס אמת,
אַז אין בלאַנקען גאָלד פאַרבייטען
קענסטו צין און בליי און אייזען?..."

טוט דער אַלטער טיעף זיך בוקען,
קרימט די ליפּען מיט הכנעה,
און די אויגען שפּעטיש קוקען:
„האָסט געטראָפען, גרויסער קיניג,
כ'האָב דעם וואונדערשטיין געפונען...
הויפענס גאָלד, גענוג צו פילען
מיט דוקאַטען טויזענד טונען,
קען איך אין אַ טאָג באַשאַפען..."

„ווילסטו מיר דעם סוד באַווייזען?
כ'וועל דיך ווי אַ קיניג לויהנען,
כ'וועל באַצאָהלען אַלע פּרייזען..."

בייגט דער גרייז אַראָפּ זיך טיעפער,
כיכעט מיט אַ מויל אָהן צייהנער:
„איך בין אַלט און דאַרף דיין לויהן ניט,
און פון וואונדערשטיין זאָל קיינער
אויסער מיר דעם סוד ניט וויסען..."

„וועל איך מיט געוואַלט דיך נייטען,
אין אַ תפיסה וועסטו ליעגען,
הענט און פיס אין שווערע קייטען..."

בוקט זיך טיעפער נאָך דער אַלטער:
„וועל איך אין מיין תפיסה וויסען —
שפּיאָנסט ביי נאַכט אַרום מיין פענסטער,
און דיין שלומער איז צעריסען..."

„וועל איך הענגען דיך באַפעהלען..."

לאַכט דער אַלטער: „וועל איך שפּירען
אין מיין קבר, ווי עס ברענען
טונען גאָלד אויף דיין געהירן..."

.1915

# דער דערוויש

וואונדערט זיך מיין האַר,
ווי דער אַלטער דערוויש טאַנצט? —
רונד אַרום און רונד אַרום,
דרעהענדיג די לאַנגע אָרעמס,
פאָכענדיג דעם בלאָען קיטעל,
ווי אַ ווירבעל־זייל אין מדבר,
פליהענדיג ווי פייל פון בויגען,
ביז די אויגען
שפּרינגען אָנגעצונדען פון די לעכער,
ביז די ליפּען שוימען בלוט,
ביז די באַקען זיינען וואַקס,
און ער קייכט אין שטומע דומפּע כריפּען,
ביז ער פאַלט מיט אויפגעמאַכטען מויל
אין אַ קנויל...
וואונדערט זיך מיין האַר,
ווי דער אַלטער דערוויש טאַנצט?...

קלוגע אויגען האָט מיין האַר,

און אַ ליכטיג האַרץ —
וועט דער דערוויש איהם דערצעהלען:
גרויס איז אַללאַה, אין זיין וואונדער —
רונד אַרום און רונד אַרום
ווערט דער ראָד געטריבען,
און דער אַקס איז שטיל....
רונד אַרום און רונד אַרום
טאַנצט דער אַלטער דערוויש,
רינט דאָס בלוט פון נאָז און ליפּען,
און דער גאָרגעל קייכט —
און דעם דערוויש'ס זעל, מיין האַר,
איז אַ בלאָער טייך און הויכע בערג,
איז אַ ווייסער וואָלקען אויפ'ן הימעל,
איז אַן אָדלער אין זיין נעסט —
און לאַכט פון אַלטען דערוויש ווען ער טאַנצט...

און דעם דערוויש'ס זעל, מיין האַר,
איז אַ שוואַרצער מירמעלטורעם,
איז אַ הייל מיט הונדערט טויערען,
איז אַ נאַכט מיט הונדערט שלייערען —
און ווינט אין אַלטען דערוויש ווען ער טאַנצט...

1919

# מדבר

סאַאידי, אויף די שלייפען דיינע ליגט
דער שווערער טוי פון מדבר.
די שטערען ווערען ווייסער און געדיכטער,
דער „גרויסער בער" ליגט אויף זיין רויב,
און איבער ווייסע וועגען
ציהט דער קיניג פון די „דזשין" —
די שטערען זיינען דיר אין אויג געפאַלען,
און האַלטען דיינע ברעמען אָפען...
איך וועל די אַש אַרונטערבלאָזען פון די קויהלען,
און גליהען וועלען זיי ווי וועלפ'שע אויגען.
קאַווע וועל איך דיר, סאַאידי, קאָכען,
פינסטערער און שטאַרקער ווי די מדבר-נאַכט,
און נעהם אַ קויהל און צינד דיין נאַרגילע,
און בלאָז די קנופען רויך אַקעגען פייער.
הער ! ווי קליינע קינדער קלאָגען זיי
נאַכט-איין נאַכט-אויס, די טויטע קאַראַוואַנען,
פון די פינסטערע געזעמדען...
סאַאידי, בייז און פול מיט „שאַיטאַנס" איז דער מדבר,

און בייזער נאָך די ראָבען.
געשיהט אַמאָל, אַ קאַראַוואַן פאַרלירט זיין וועג,
און די וויסטע האָט איהם אַיינגעשלונגען
אין איהר הייסען שלונד.
געהען ברענענדיגע טעג,
די בלויע ליפּען פּלאַצען,
די אויגען ברענען פון די לעכער,
ווי די אויפגעפלאַמטע קויהלען לעבען דיינע פיס,
די צונג ווערט צוגעשוואָלען צו דעם גומען,
און שאַקאַלען נאָגען די געדערעם...
הויבט דער בעדואין זיין אויג צום הימעל,
און זעהט אַ חיל ראָבען.
שטומע ראָבען, ניט זיי קראַקען,
ניט זיי פּאָכען מיט אַ פליגעל,
נאָר ציהען, ציהען שטילערהייט
אינאיינעם מיט'ן קאַראַוואַן...
געהען טעג נאָך טעג,
די אָרעמס הענגען אַיינגעטריקענט
ווי אַלטע לאָגלען,
דער פּוס פאַרזינקט אין זומפּען זאַמד,
די צונג הענגט שוואַרץ אַרויס פון מויל —
שפּרינגט אַראָפּ אויף גיך אַ ראָב,
און פּיקט דאָס אויסגעשפּאַרטע אויג,
און נאָך דעם ראָב אַ צווייטער,
אַ דריטער און אַ פיערטער — —

און אַ בלינדער ציהט דער קאַראַוואַן די לעצטע טעג,
ביז איינציגווייז פאַלט איטליכער אין זאַמד...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

סאַאידי, בלאָז די קנופּען רויך אַקעגען פייער,
די גרויסע שטערען זיינען דיר אין אויג געפאַלען,
און האַלטען דיינע ברעמען אָפען...

.1919

# יג

פּופּצעהן.
מאַרדזשערי.
עראָפּלאַן.
די אייזענשטאַדט.
דער וועסטערנער.
סאַבוועי.
ערד.
רויזען.
דריי בעטלער.

# פופצעהן

די ברוסטען —
קליין און שטייף,
די היפטען
לאַנג און פלאַך,
מיט רייכען צוזאָג
אויף ווייב־ און מוטערשאַפט...
אין די אויגען — עפּעס
וואָס פינקעלט אונטער זיבען שלייערען,
און רייסט זיך
דורך אַלע זיבען שלייערען...
אויף די ליפּען — עפּעס
וואָס האַרט,
און זעפטיגט זיך דערווייל...
אין דער שטים —
דער רוף פון קנאָספּ צו ביען...
דער אויבערלייב — געבויגען,
צו שפּרינגען עמיצען אין אָרעם.
אַ חודש, צוי אַ וואָך,

און אפשר נאָר אַ טאָג
צו רייפקייט...
איין פריהמאָרגען,
וועט דורך די לאָדען
די זון אַריינגעהן,
און לעגען זיך צו איהר געלעגער,
און שפּיעלען מיט איהר לייב,
און איהר —
דעם סוד אנטפּלעקען...
וועט פונ׳ם בעט
אַ קינד אַרונטערשפּרינגען,
אין לאַנגען העמד,
מיט לויז־צעקאַמטע האָר,
און וועט טאַנצען
מיט דער זון,
און לאַכען,
און פייערען
דאָס געבאָרען ווערען פון אַ פרוי...

.1917

# מאַרדזשערי

רוקען, האַלז און אָרעמס,
נאַקעט...
פּאַר צניעות —
צוויי הענגערס אויף די אַקסעל...
דער מיידעל־בוזעם
אָפּגעדעקט ביז העלפט...
די אונטערהעלפט,
זיך רייסענדיג פון בלאָע טולען...
שלאַנקע, גרינגע לענדען,
שפּיעלענדיג אין בלינדע־קוה
מיט לויזע דורכזיכטיגע פאַלדען...
שוואַרצע בייטען האָר
פון שטערן אויפגעשויבערט...
אַ קינדער־פּנים,
און פון׳ם קינדער־פּנים,
דריי פערטעל — אויגען...
גרויסע אויגען,
וואָס פרעגען, לאַכען, שפּאָטען,

און זינגען אַ פּאָפּורי,
פון פּרעירי־לאַנד און הויכע בוימער,
פון טויזענד מיילען קאָרן־פעלדער,
און זומער אויפ׳ן מיסיסיפּי,
און הירשען אין די בערג...
און צוגלייך —
פון הימעל־קראַצערס,
און לימוזינס,
און ווייסע נעכט אויף „העראָלד־סקוועער"...

אין גאַנצען —
אַ וואַרעמער,
אַ צאַפּעלדיגער,
אַ פלינקער פלעכט פון שלאַנגען...
אַ הויכער,
אַ ווייסער,
אַ שימעריגער פויגעל...
אַ שוימיגער,
אַ לאַכיגער,
אַ ליכטיגער ניאַג׳ראַ...

.1917

# עראַפּלאַן

פרייער יעגער פון די לופטען,
יאָג אויף דיינע ברייטע וועגען,
הויב זיך אויף און בויג זיך נידער,
שווים אַרום אין לאַנגע שלייפען,
דרעה זיך, רינגלען אַרום רינגען,
לאָז די ווייסע וואָלקענס הינטען,
שפּאָט פון ווינט, וואָס וויל דיך כאַפּען,
לאַך אַרונטער צו דער ערד,
קוק דער זון אַריין אין פּנים,
זאָג: איך האָב באַזיגט...

שטאָלצער שווימער פון די לופטען,
לוסטיג קלאַפּט דיין שטאָלען האַרץ,
טאָק-טאָק-טאָק צום בלאָען הימעל,
טאָק-טאָק-טאָק צו מיר אין בלוט אַריין,
מיין געזאַנג, אַלעמענס געזאַנג
האָסטו איבערשטיגען,
מיט דיין שטאָל-און-דראָט-און-האַלץ-געזאַנג:
איך האָב באַזיגט...

ליעג איך אין אַ נעץ פון גאָלד
האַלב־פאַרגראָבען אין דעם ווייסען זאַמד,
און קוק צום ווײַטען, ווייטען ים,
בליצענדיג אין מאָרגען־זון,
און זעה דיך שוועבען איבער איהם,
שריי איך דיר אַרויף,
מיט פולער קעהל, מיט ברייטער ברוסט,
און מיט דעם שטאַרקען ים צו מיינע פים:
ד ו,  א י ך — ביידע האָבען מיר באַזיגט...

.1918

# די אייזענשטאָדט

אַ הייסע קראַנקע נאַכט...
אַן אומגעלומפּערטע
פאַרשטויבטע שטאָדט...
אַ שפּינוועבס
פון טעלעגראַף- און טראַמוויי-דראָטען.
די גאַסען —
אויסגעלעדיגט, מיעד...
אין לופט —
אַ רויהער ריח
פון אייזען-ערד,
און אויסגעברענטע קויהלען...
אַ צעהנדליג געלע שטערען,
צעוואָרפען
אויף אַ נידעריגען הימעל,
פינטלענדיג,
ווי אויגען פון אַן אַלטען שכור...
אַ לעהמיגער און פוילער טייך,
זיך קאָרטשענדיג

אונטער הויכע שוואַרצע בריקען...
און אין דער מיט פון פינסטערנים
אַ פערטעל שטאָדט אין פלאַמען...
אַ גיהנום,
וואַרפענדיג זיין פלאַקער
פאַנטאַנענווייז צום הימעל...
אַ גרויסער טאָפּ,
אַ רויטער,
אויפגעהאַנגען אין דער הויך,
ווי אַ גלאָק,
אין מיטען פון אַ טורעם פלאַמען...
בויגענדיג דאָס מויל
פון ווייל צו ווייל,
צו ברעכען לאַווא,
קאַסקאַדען לאַווא,
צעשיטענדיג אַרום
אַ האָגעל לאַנגע פונקען...
וואַגאָנעס
מיט פייער אָנגעלאָדען,
פּויזענדיג פּאַמעליך
אין טונקלע ווינקלען...
פעלדער אויסגעלעגטע שטאַבעס,
זיך לאַנגזאַם לעשענדיג...
רויטע פייער, ווייסע פייער, געלע פייער,
און רויך —
ווי טורעמס וואָל...

אַ קלאַפּען און אַ הילכען,
אַ סקריפּען און אַ האַמערען
אָהן אָפּרוה. .
שלאַנגען וואַסער,
שיפּענדיג
אויף אָנגעגליהטען גוס...
אַ לאַבירינט
פון רעהרען, רעלסען,
רעדער, קייטען און מאַשינען,
אַן אויסגעמיש
פון נאַכט און פייער,
און אין דער מיט
אַ ראָיען,
אַ לויפען הין און הער
פון קליינע שאָטענס...

.1917

# סאָבוועי

אַן אומגעזעהענע האַנט האָט צוגעמאַכט אַ טיר,
און אײַנגעשפּאַרט אַ הורבע מענשען,
טייל פאַרטונקט אויף בענק,
טייל הענגענדיג אויף ווייסע רינגען.
פאַלט דאָס קאַלכיג ליכט
אויף דינע דורכזיכטיגע פינגער
נאָר־וואָס פון דער שרייב־מאַשין,
אויף שווערע האַרטע הענט
שווייסיג פון דעם וואַרשטאַט,
און אויף פערלמוטער הענדשקעס...
און די הורבע וויעגט זיך,
הין און הער, און הין און הער,
אין אַ מידען אויסגעלאָש'נעם ריטם,
ווי באַקלאָגענדיג אַ מת...

גיט די הורבע זיך אַ טרייסעל,
און פאַלט צוזאַמען אין אַ הויפען
פאַרגליווערט.

און די אומגעזעהענע האַנט
רוקט אַ טיר פאַנאַנדער...
דריקט זיך שמייכלענדיג אַריין אין קנויל
אַ דין יונג מיידעל,
מיט אַ הענגעל מאַי אַרויפגעשטאָכען אויף איהר יאַק.
און די הורבע נעהמט זיך ווידער וויעגען
מיעד און אויסגעלאָשען,
ווי באַקלאָגענדיג אַ טויטען,
און אין מיט דאָס דינע מיידעל
מיט'ן הענגעל מאַי...

1919.

# דער וועסטערנער

זעקס פוס פון פוס־זויל
ביז די וואָרצלען פון די האָר,
אַ זייל פוןביין און שטייפען פלייש,
און שולטערען פון פעלז...
לאַנגע פלינקע טריט,
ווי שפּרונגען פון אַ לעמפּערט...
אַ גלאַטער פּנים,
אויסגעקלאַפּט אין ברוינעם קופּער —
פון יאָגען קעגען ווינט,
פון רייטען אין דער זון,
און שלאָפען אין די בערג ביינאַכט...
צוויי שורות צייהנער,
צו מאָלען שטיין...
אויגען, ווי די קלאָרע הערבסט־טעג
ביי די גרויסע טייכען...
שטאַרקע הענט באַהאָרטע,
ווי קלויען פון אַ גרויסער חיה —
צו צאַהמען בראָנקאָס,

צו וואַרפען אַ „לאַסו“
אויף ווילדע אָקסען, אין גאַלאָפּ...
און — צו גלעטען הינט,
צו שפּילען מיט’ן פערד,
צו לעגען זיך ווי פעדער
אויף קעפּ פון קליינע קינדער...

אַ צאַהמער,
אַן אָנהויבער,
וואָס דאַרף די פרעירי.
אַ גלויבער —
אין זיך
און אין זיין פויסט,
און אין זיין ביקס,
און אין גערעכטיגקייט,
און אין דעם אַלטען שטאַרקען גאָט,
וואָס „לינטשט“ מיט דונער און מיט בליצען...

אַ האַסער פון גלחים
און רייד־מענשען,
און ווייסע הענט,
און גרויסע שטעדט...
אַ בוים, וואָס ציהט פון ערד און הימעל,
און גרויסע ווייטע פלוינען...

.1917

# ערד

פריהמאָרגען אין דער קיהלער זון
איז אויפ'ן שטיקעל ערד אַקעגען מיינע פענסטער
געקומען מיט אַ שווערען טראָט, אַן אַלטער,
מיט אַ בענדעל ווייסע האָר פון אויער ביז'ן אויער,
אַ קורצע ליולקע אין אַ ווינקעל מויל,
און אַ ברייטען בלאַנקען רידעל אויפ'ן אַקסעל.
אַפריהער האָט ער אָפּגערייניגט
שטיינער און פאַרראָסטע קענדלעך,
און דערנאָך גענומען גראָבען.
ביי יעדער רידעל האָט ער אָנגעשפּיגען
אין די רויטע הענט,
און צוגעדריקט דעם פוס,
און געקייט מיט זיינע יאַסלעס,
ווי ער וואָלט אין איינעם מיט'ן רידעל
אַ ביס געטאָן די ווייכע ערד.
זיינען אויסגעוואַקסען גרויסע פעטע גרודעס,
און אַ פאַרע איז געגאַנגען
ווי פון אַ פריש געשאָכטענער קוה.

האָט זיך אָנגעזאַמעלט אַרום אַלטען
אַ רעדעל קליינע קינדער,
און צוגעקוקט מיט גרויסע אויגען,
די פינגער אין די מיילער.
און דער קלענסטער,
אַ בלאָנדער, אָנגעשמירט אויף ביידע באַקען
מיט „דזשעלי” און מיט זאַמד,
איז צוגעשטאַנען:
„זיידע, גיב אַ גראָב טאָן” —
„ניין!” —
„זיידע, נאָר אַזוי פיעל” —
מעסט דער קליינער אויף זיין פויסט.
„מע טאָר ניט” —
„נאָר אַ פיצע־פיצעלע” —
דריקט זיך אָן אויף א י י ן זייט רידעל
אַ קליין ווייס שיבעל,
און אויף דער צווייטער —
אַ ברייטער שווערער שטיוועל,
און דער אַלטער שמייכעלט:
„נו, ווייז!” —
און כראָמש אין דער וויכער שוואַרצער ערד,
און אַ גרודע, גלאַט און זילבעריג און אָפגעשליפען,
קעהרט זיך אום אַקעגען זון...

.1919

# רויזען

ביים בריק געהט אום אין אָוועגט
אַ יונג מיידעל,
אין אַ גרויסען גרינעם שטרויהוט
באַזעצט מיט בינטלעך אָפּגעבליאַקטע קאַרשען.
רונדע סיראָפּ-ברוינע ברילען
דעקען צו אַ העלפט פון קליינעם פּנים.
אַ דינע האַנט איז אויסגעשטרעקט
און אין דער האַנט אַ קערבעל
מיט פרישע פּייכטע רויזען
פון אַלע מינים.
און דאָס מיידעל זינגט
מיט דעם נגון פון אַן אַלטען פאָלק-ליעד :

קויפט אַ רויז, אַ ווייסע רויז,
ווייסע רויזען זיינען יונגע טויבען
ערשט אַרוים פון שלאַג,
ווייסע רויזען טוליען זיך צו ווייסע העלזער,
און בלייבע באַקען,
ווייסע רויזען פאַלען אין אַ מיידעל'ס האַרץ

ווי שטיקער פון לבנה
דורך געדיכטע בוימער...

קויפט אַ רויז, אַ רויטע רויז,
רויטע רויזען ברענען שעהן
אין שוואַרצע צעפּ געפלאָכטען אין אַ קנופּ,
רויטע רויזען זיינען זינגענדיגע בלוטען
אין יונגע אָדערען,
רויטע רויזען זיינען וויין
פאַרזוכט פון דער געליעבטער'ס ליפּען...

קויפט אַ רויז, אַ געלע רויז,
געלע רויזען זיינען גינגאָלד-בעכערס
אָנגעגאָסען פול מיט האָניג,
פאַר דער בת-מלכה פריה-מאָרגען —
קויפט אַ רויז, אַ רויז...

„קלייב מיר אויס אַ רויטע, מיידעל!"

ליעבער האַר,
כ'האָב קיינמאָל ניט געזעהן דאָס ליכט
וואָס פאַלט אויף בלומענבלעטלעך...

„און וועלכע רויז געפעלט דיר אומגעזעהן?"

די רויטע, ליעבער האַר,
די וואָס זינגט אין בלוט...

.1919

# דריי בעטלער

זאָגט דער לאָמער צום בלינדען: „דערציעהל פיעל דו האָסט״.

„אומזיסט פון באַגינען געשטאַנען אין פראָסט...
כ׳האָב געשטאַרט מיט די ליידיגע לעכער צו זיי,
און געשאַרט מיט די הענט ביז זיי טוען אַזש וועה,
און געאָכצט און געקרעכצט און געריסען די לונג,
און אין בלעכענעם קענדעל צומאָל ניט אַ קלונג...״

זאָגט דער לאָמער צום אַלטען: „וואָס האָסטו געבראַכט?״

„נים גענוג פאַר געלעגער צו צאָהלען ביינאַכט...
כ׳בין געשטאַנען אין דרייען געבויגען ביים וועג,
און געוויינט איפ׳ן קול: שוין אַריבער צוויי טעג
אַ טרוקענעם ביסען אין מויל ניט פאַרזוכט...
האָט איינער געשפּעט, און אַ צווייטער געפלוכט...״

זאָגט דער לאָמער צו ביידען: „היינט נאַכט וועט איהר זיין אין שענק מיינע געסט ביי אַ קריגעל מיט וויין.

כ׳בין געשטאַנען אין מאַרק מיט דער קוליע אין האַנד,
און אַלערליי קונצען געמאַכט נאָכאַנאַנד,
האָט דער עולם געלאַכט און געלאַכט,
און איך האָב אַ הויפען מיט זילבער געמאַכט...״

1919

# געטער דעמערונג

נעבלען הענגען אויפ׳ן וועג,
טאַפּ איך און איך פרעג:
בין איך ביי אַ קבר?
בין איך ביי אַ וויעג?
פונקען בליצען פון דער ווייט —
פוילט אַ טויטער?
שפּראָצען שטערן?...

כ׳הער אַ יאָמער אין דער טיעפקייט,
כ׳הער אַ קלאָגען אינעם אָפּגרונט —
געטער שטאַרבען...
שוואַרץ די ראַנדען מיט געזעמלען
קניהענדיג צו דר׳ערד:
„געטער, געטער נאָך אַ רגע..."
קרעכצט אַ גוסס-קול: —
„מיר פאַרגעהען..."

ס'האָט דער נעבעל מיך גענאַרט...
הער ! עס יאָמערט אַ געבורט...
פון דער פינסטער שטייגען
נייע ליכטען...
אויף די ברעגעס הילכט
פריידיג, פריידיג : —
געטער, געטער גיכער...
רוישט עס ווי אַ וואַסערפאַל,
קלינגט עס פון דער טיעפקייט
פריידיג, פריידיג :
„מיר קומען..."

1916

# מולך

שטעהט דער גרויסער מולך —
קופער זיינע ליפען,
אייזען זיינע נעגעל —
נעבען די אלטארען...

אנגעלעגט די שייטען,
אנגעשארט די קוילען,
קנאקען העל די פלאמען,
און די פריסטער הארען...

גיכער די קרבנות!
גרוים איז מולך׳ס הונגער...
איינער נאָכ׳ן צווייטען,
אינגער און אלץ אינגער...

גליהען מולך׳ס באקען
אין דעם רויטען פלאקער —

קופּער זיינע ליפּען,
אייזען זיינע פינגער...

רויך און שוואַרצע זיילען,
פונקען ביז'ן הימעל,
ווילדע פלאַמען שלינגען!
גלידער פון מזבח...

זים צום נאָז פון מולך,
ליבליך צו זיין גומען,
פון די יונגע קינדער
דער געשמאַקער ריח...

וועמעס די געשרייען?
וועמעס גוסס־קרעכצען? —
מולך האָט געהייסען
פלעמען זיך פרעהען...

פריסטער, שלאָגט די טאַצען,
פריסטער, קלאַפּט די פויקען,
זינגט און טאַנצט און טומעלט
איבער די געשרייען...

. . . . . . . . .

קרעכצען און געשרייען,
רייהען הינטער רייהען,
איינער נאָכ'ן צווייטען,
אינגער און אַלץ אינגער...

אַלע טאַצען קלינגען,
אַלע פּויקען קלאַפּען,
און אַרום מזבח
טאַנצען מולך'ס זינגער...

1918

# טאַמערלאַן

„ביים שפּיץ פון מיין שפּיז, און ביים שאַרף פון מיין שווערד !
כ'מוז האָבען פון שאַרבענס אַ באַרג אויף דער ערד" —
האָט געזאָגט טאַמערלאַן.

אַ באַרג ביז די וואָלקענס, און קעפּ אָהן אַ צאָהל,
און איבער די שאַרבענס, געפּאַנצערט אין שטאָל,
אויף אַ טראָן, טאַמערלאַן.

האָט דער היל געשריען, די הערנער געשאַלט,
די שווערדען געבליצט, און די אויגען געשטראַלט :
„דיינע קנעכט, טאַמערלאַן !"

האָבען הענט זיך געפּלייסט פּאַר אַ לוין און אַ ליבּ,
„אַ מענש ווי אַ זאַמד, און אַ לעבען ווי אַ שטויב" —
אַזוי זאָגט טאַמערלאַן.

און דער היפען ער וואַקסט נאָבאַנאַנד, נאָבאַנאַנד,
און באַגינען און שפּעט, מיט אַ מאָס אין דער האַנד,
שפּאַנט אַרום טאַמערלאַן...

די קנעכט זיינען גינציג, דער וואַפען איז שאַרף,
דאָך תמיד איהם ווינציג, מעהר שאַרבענס באַדאַרף
פאַר זיין באַרג טאַמערלאַן.

איז איינער אין חיל געוועזען אַ מאַן,
צו קומען אין פרעגען: „ווי פיעל, און ביז וואַן,
טאַמערלאַן, טאַמערלאַן?״

ניט אַ וואָרט, ניט אַ בליק, נאָר געבויגען די קני,
און געשניטען די קעפּ און געגעבען זיך מיה,
פאַר דעם כאַן טאַמערלאַן.

שוין מחנות פאַרטיליגט און פעלקער פאַרלענדט,
שוין קלעפּט זיך דער שטיעל צו די בלוטיגע הענט,
זאָג אַ וואָרט, טאַמערלאַן!

און פינסטער דער פּנים, און שטאָל איז דער קוק,
עס וואַקסען די שאַרבענס ניט האַסטיג גענוג
פאַר דעם מאַן טאַמערלאַן...

. . . . . . . . . . . . .

„ביים שפּיץ פון מיין שפּיז, און ביים שאַרף פון מיין שווערד!
כ'מוז האָבען פון שאַרבענס אַ באַרג אויף דער ערד״ —
האָט געזאָגט טאַמערלאַן.

1918

# ווי וועט איהר זיין געגרייט?

אוּן ווען דער גרויער לאַנג-געגאַהרטער טאָג וועט קומען,
ווי וועט איהר זיין געגרייט? —
ווי קראַנקע טויבען אין אַ שטורעם וועט איהר ברומען,
און וויינען שטילערהייט...
צי ליגען ווי די הינט ביים צוגעמאַכטען טויער,
און שייערען די שוועל,
און שאַרפען אייער אויג און שפּיצען אייער אויער...
און שטיקען וועט די קעהל,
די קויהל געבליבען פון אַן אויסגעברענטען צאָרן,
דער רויך וואָס נאָכ'ן בראַנד,
די אַש פון לאַוואַ וואָס איז אָפּגעקיהלט געוואָרען,
אַ רגע פאַר'ן ראַנד...
און וועט איהר אויף אַ רגע שטייפען אייער רוקען,
וועט איהר בלויז זיין צו שפּאָט —
פון אייער אויג וועט דער נדבה-בעטלער קוקען,
און וואַרטען אויף גענאָד...
און וועט איהר ווי אַ מחנה לייבען נעהמען ברילען,
דערקענען וועט מען שנעל
דעם טויטעןווידערקלאַנג פון אייער טויטען ווילען
און אייער טויטער זעל.

1917

# דער טאָג

איצט לאָמיר זינגען לויב, און דאַנקען...
דו זעהסט?
צעבראָכען אַלע שראנקען
האָט אונזער טרוים...
דערקענסט?
אַ ציטעריגער פלעגט ער וואַנקען,
און קוקען אין די אויגען,
און געהן געבויגען
און האַרען...
און פרעגען אַלע עקען:
„פון וואַנען וועט עס קומען?...״

אַצונד —
מיט וועלטען אויפ׳ן אַקסעל,
מיט זונען אין די אויגען...
און טראָגט אונז אַלע, אַלע,
און וועך עס וויינט און וועך עס לאַכט,
און וועך עס וויעגט דעם קאָפּ

און קרימט די ליפּ, —
ער טראָגט אונז אַלע, אַלע...

געשפּאָט פון איהם ? —
פאַרדעקען וועלען מיר דעם פּנים,
און בוקען זיך און זאָגען :
פאַרגיב...
האָסט אין די טירען אונז געקלאַפּט,
האָסט אנ׳ם קויט צו אונז זיך איינגעבויגען :
„ווער גאַהרט דאָס גרויסע לעבען —
ווער געהט ? —״
און אונזער אויער איז געוועזען פאַרזיגעלט,
און אונזער אויג פאַרשלאָסען,
און אונזער האַנט געלעהמט,
און אונזער האַרץ פאַראומרייניגט...

אַצונד אונז וועט ער גרייסען...
ריעזען, ריעזען, לויטער ריעזען,
די הערצער — טייכען ליכט
און פריידיגקייט און קראַפט...
די אָרעמס — שמשון־אָרעמס,
די פיס — פון הינדען אינ׳ם פעלד...
ווער גאַהרט דאָס גרויסע לעבען,
ווער געהט ?...

1917

# דער רוף

און שאַלען וועט די הייליגע טראָמפּייט : —
מיר זיינען אויפצוזאַמלען גרייט,
פון קינד און קייט און אַלט און יונג,
אַ פלאַם, אַ בראַנד, צי בלויז אַ פונק,
אַ טויט-געשריי, צי בלויז אַ טרער, —
ברענגט אַלע זיי אַהער...

וועט האַרץ צו האַרץ זיך פאַאָרען,
און האַנט צו האַנט זיך שטרעקען,
וועט קלינגען פון די עקען :
מיר האָבען שטיל געשוואָרען
דורך יאָהרען און דורך יאָהרען,
און וועלען איצט ערפילען...

און איינער מיט מיליאָנען,
דער צווייטער מיט זיין קאָנען,
דער דריטער מיט זיין ווילען...
און אַלע וועלען דרינגען מיט דער גאָב :

נעהמט אונזער גוטס און האָב,
און אונזער זעל צוגלייך...
און שטראָמען וועט אַ גרויסער טייך,
פון הייסען גלויבען,
און שווענקען אַלע שטויבען,
און וואַשען יעדען שימעל...
און נידערן וועט פון הימעל
אַ בענשונג, ווי אַ מילדער טוי,
צום גרויסען בונד, צום שטאַרקען בוי...

1915

# עין רואה

און ווען דו פון דיין ברודער'ס נויט דיין אויג פאַרדעקסט,
איז דאָ אַן אויג וואָס זעהט,
איז דאָ אַ האַנט וואָס ווערט
פון הימעל אָדער ערד אַקעגען דיר זיך שטרעקען...

און ווען דו פאַר דעם הונגעריגען זיך פאַרשליסען,
איז דאָ אַן עדות נאָהנט,
איז דאָ אַ האַנט וואָס מאָהנט
און נעהמט געצאָהלט פאַר יעדען ניט-געשענקטען
ביסען...

1917

# אויפ'ן וואַגשאַל

וואַרף דיין גורל כשוף-קענער,
קוק אַריין אין בוך פון שטערען:
וועט די זעל אונז ווערען שעהנער,
וועט די וועלט אונז רייכער ווערען?

זעה, מיר זיינען פעסטע גלויבער
און מיר זיינען טריי געבליבען,
קוק פאַר אונז אין בוך פון צויבער,
זאָג, וואָס זעהסטו דאָרט געשריבען...

רויט די ערד ביז איהרע תהום'ען,
און אַ וועלט אַוועק אין פלאַקער,
טויט די פרוכט און טויט דער זאָמען,
און צעבראָכען איז דער אַקער —

קומען מיך אַצונד דיך פרעגען,
וואָס אַנטפלעקט דיין צויבער-שפּיגעל?

שטרעקען אוים זיך נייע וועגען,
שפּרייטען אוים זיך נייע פליגעל?

פון אַזוי פיעל טויטע זאַנגען,
וועלכער גרונט איז פעט געוואָרען?
פון אַ טויזענט אונטערגעגאַנגען,
וועלכע שפּראָצונג איז געבאָרען?...

וואַרף דיין גורל כשוף־שפּרעכער —
שלאָגען שוין די לעצטע שטונדען...
שלאַנגען קריכען פון די לעכער
און פאַר'סמ'ען אַלע וואונדען...

שוואַרצע אַנגסט אין די געמיטער,
און ניטאָ וואוהין צו זוכען...
זאָג, דו צויבערער געניטער,
היים אונז בענשען אָדער פלוכען...

1918

# שדים־טאַנץ

האָט דער בויך און דאָס מויל און די פויסט
געשלאָסען אַ בונד,
און געוועזן איז איז די שבועה ביי זיי:
זאָל לעבען די שטונד!

און געוועזן איז די פּאָהן פון די דריי:
דער אָפּגרונט איז האָר!
און דאָס מויל האָט געעפּענט זיך ברייט:
איך גאַהר און איך גאַהר...

און דער קאָפּ האָט געוועלצט זיך אין שטויב
און האָט זיי באַגריסט,
און קנעכטיש געזונגען אַ לויב
דעם דריילינג פון מיסט...

און דער קאָפּ האָט געזאָגט צו די דריי:
כ'וועל דיענען צו אייך...

און געענטפערט איהם האָבען די דריי:
ביסט נ י ט אונזער גלייך...

און דאָס מויל האָט דעם בויך און דער פויסט
געזונגען אַ ליעד,
און דער צושפּיעל פון ליעד איז געווען:
אַפּעטיט, אַפּעטיט...

און די פויסט האָט געגעבען דעם בויך
אַ בעכער מיט בלוט,
און דער בויך איז געקראָכען אויף דר'ערד:
עס איז גוט, עס איז גוט...

1918

# אויפגאַנג

(1)

ליעגען די ליכטיגע וועגען
אין כשוף באַנומען,
האַרען די טאָלען און פרעגען:
ווען וועלען זיי קומען?...

ליעגט אין אַ הייל אַ געשמידטער
דער קיניג געבויגען —
ריטער, איהר העלדישע ריטער,
די שווערדען געצויגען!...

(2)

ווייס איז די פלאַם פון דעם פייער,
רויט איז דער אייזען צעגליהט,
קום, דו געזונטער און פרייער,
און ווער אונזער מאַכטיגער שמיעד...

צוגעגרייט ציגעל און שטיינער,
פאַרטיג געקנעטען די לעהם,
קום, דו געפּרובטער און ריינער,
און מויער און בוי אונז אַ היים...

(3)

אין דער גרויסער פרייד
איז דאָס האַרץ באַקלעמט —
גאָט, ניט לאָז דיין פאָלק
ווערען איצט פאַרשעמט...

האָסטו אין דער האַנט
אונז דערלאַנגט א שווערט —
מאַך מיר זאָלען זיין
דיין מתנה ווערט...

אונזער האַנט מאַך פעסט,
אונזער האַרץ דערהויך —
גאָט, די שעה איז גרויס,
גרויס די זעל אונז אויך...

(4)

אַ טויזענט יאָהר געוואַרט, אַ טויזענד יאָהר געוואַרט,
אונ פאַלט די שוואַרצע מויער,
וואו וועט איהר אַלע זיין, וואו וועט איהר אַלע זיין,
איהר גלויבער און פאַרטרויער?...

אַ טויזענד יאָהר געוואַרט, אַ טויזענד יאָהר געוואַרט,
און פלאַצען אַלע רינגען,
ווער וועט דער שטאַרקער זיין, ווער וועט דער
שטאַרקער זיין,
צו קומען און באַצווינגען?...

אַ טויזענד יאָהר געוואַרט, אַ טויזענד יאָהר געוואַרט,
און טוט דער פעלז זיך שפּאַלטען,
ווער וועט צום פרישען טראַנק, ווער וועט צום
פרישען טראַנק,
זיין קרוג דער ערשטער האַלטען?...

(5)

גערוישט פון אויג די לעצטע טרער,
און זיך אַליין געשוואָרען:
אַ נייע וועלט, אַ נייע פרייד,
און איך — פון ס'ניי געבאָרען...

אַ נייע פרייד, אַ נייע וועלט,
אָהן טאַפּען און אָהן פרעגען:
די זון, די גרויסע זון געהט אויף,
קומט, לאָמיר געהן אַנטקעגען...

1918

# אין אַ פינסטערער מינוט

.1

איך לויף פון גאַס צו גאַס ווי וועלף מיך וואָלטען יאָגען,
אונ טרינק זיך פול מיט ביטערניש און גאַל,
איך שריי ניט וויסענדיג צו וועם, און באַל
מיין פויסט: איהר האָט מיך אומדערבאַרימדיג באַטראָגען.
פון אַלע בערג און טאָלען קלאַפּען טויטע קנאָכען,
פון יעדער פעלד טוט מאָהנען א געביין —
איהר האָט געזאָגט, דער צאָהל-טאָג וועט זיין שעהן,
און איהר, פארשאָלטענע, האָט אייער וואָרט געבראָכען...

איך לויף פון גאַס צו גאַס און ביים די ליפּ ביז וואונדען,
די קעהל איז צוגעשטיקט, דער מח אָנגעצונדען,
די בליקען זויגען אוים דעם סוד פון אלע אויגען,
און אומעטום דערזעלביגער באַשייד:
אַ גרייטע שווערד ליעגט ערגעץ אין א שייד,
א פייל וואָרט ערגעץ אויפ'ן אָנגעשפּאַנטען בויגען. .

.2

אַלע וועגען אַנגעוואָרען,
און וואָס אַצונד?
די אַלטע וואַנד,
און ניטאָ דער אלטער צאָרן.

ערגעץ איז אַ וואָרט געפלויגען:
„אַ גואל קומט...״
און שוין פאַרשטומט,
און די קעפּ אין זאָרג געבויגען...

אָהן אַ גאַנצען פּאָדעם דרינען
דאָס אַלט געוואַנט,
און מאַט די האַנט
פון דעם ניי צו נעהמען שפּינען...

.1919

# מאריטורי סאלוטאמוס

איך האָב דיין רופען ניט געהערט,
און שלאָג אַצינד זיך אין דער ברוסט,
איך האָב געלעכצט און האָב באַגעהרט,
און ניט געמערקט אז מיין געלוסט
געקומען ביסטו צו דערפילען...
איך בין ביים וועג געלעגען און געהיט,
דאָס אויער אָנגעשפּאַנט אויף יעדער טריט,
און אויסגעמאָלט א הויכען און א שטילען,
וואָס ברענגט אַ נייע ערד צו טראָגען...
אַ וואָרט וואָס שפּרייט א קוויקונג אין געמיט,
אַ האַנט געגרייט צו היילען און צו קיהלען...
און אָנגעקומען איז א פייער וואָגען,
די רעדער שטורעם און געוויטער,
די פערד צום האלז מיט בלוט באַצוואָגען,
אין הייסער יאַגד אויף שניט און שניטער...

איך האָב דיין רופען ניט געהערט,
און שלאָג זיך אין דער ברוסט אַצונד,

דו ביסט דאָס לעבען און די ערד,
און מיר א פעלד מיט טויטע קרייטער...
רייס אלע וואָרצלען אויס פון גרונט,
און פליק אין פעדים אַלע בענדער,
דו יונגער, שטאַרקער שטורעמרייטער,
מיר גריסען דיך אין לעצטער שטונד,
דו שרעקליכער, דערלייזער און פארלענדער...

.1919

# פאַרשאַלטען

...דאָס פולע בלוט וועט שפּרינגען אין דעם אָנגעשפּאַנטען אָרעם,
און צוגע׳משפּט וועסטו זיין צו רידלען לויטער קברים...
געזונט דיין איטליך גליד, מיט פרישער יונגשאַפט אָנגעגאָסען,
און ווי אַ קרעציגער פון אַלע לאַגערם אויסגעשלאָסען...
אַ קיניג׳ס גאוה וועט אין דיר אַ קיניגרייך פאַרלאַנגען,
און מאָלצייט-ברעקלעך וועט דיר עמיצער פון טיש דערלאַנגען...
אַ הייסע פרייד וועט אין די אינגעווייד דיינע קאָכען,
און ווי אַ הלינדע זקנה וועסטו שטעהן די הענט פאַרבראָכען...
געשמאָלצען אייזען וועט פון מאַרך זיך רייסען צו די ברעמען,
און מיט פאַרקוועטשטע פויסטען וועסטו וויינען און זיך שעמען...
און ניט געלעהמט וועט זיין דיין קעהל, און ניט די צונג באַנומען —
נאָר עקלען וועט די אויסגעוועפטע קלאָג דעם אייג׳נעם גומען...

און קריצען וועסטו דיינע צייהן, און דיין געלוסט צו בינדען
די גארבען פון דעם נייעם שניט, וועט מיט אמאל זיך צינדען
אין א באגעהר צו טיליגען, צו רייסען און פארלענדען,
און זיך און אלץ און אלעמען אין רויש פון האס צו ענדען...
און אין א רגע וועסטו פון דיין אייג'נעם צארן שפעטע,
או ווערגען זיך מיט גבורה, און — די אלטע טרעט-מיהל
טרעטען...

1919.

# דערלייזונג

.1

אין שווערער פינסטערניס האָט עמיצער געטאַפּט,
אין שוואַרצער אַנגסט האָט איינער אויף מיין טיר געקלאַפּט:
„דאָס לעצטע ליכט האָט אויסגעלאָשען אונז דער ווינט —
קוים נישטער אין די אַשען, אפשר נאָך געפינט
זיך וואו אַ גלימצער, ניט צו וואַרעמען די האַנט,
און ניט צו לייכטען אונזער פוס־טריט, נאָר אַ בראַנד
צו צינדען אין די טויטע צויטען פון געוועב,
און אַ שאַנד אַרויפצוגליהען אויף פאַרשייטע קעפּ..."

און ווי איך בין אַרויס, האָב איך געהערט אַ ווילד
געוויין, און אין דערמיט פון יאָמער האָט געגרילט
אַ שפּעטיש קול נאָך פאָרכטיגער פון דעם געוויין:
„איהר האָט דעם וועג פאַרלייקענט, און וואו וועט איהר געהן?
איהר האָט דעם שפּרוך פאַרגעסען, און די ליפּ פאַרשוועכט,
און ווער זאָל אַ דערלייזער זיין די בלינדע קנעכט?..."

.1919

## 2.

אונ קומען וועלען טעג, ווען איטליכער וועט געהן זיין וועג,
מיט וואַקעלדיגע טריט אַליין,
אונ קליין אונ אַיינגעבויגען צו דער ערד...
אונ טויט אונ אויסגעלאָשען וועט דער הימעל הענגען,
אונ שפוקען וועט אין איטליכענס געמיט
דאָס לעצטע וואָרט, וואָס איינער האָט אַרויסגעהויכט,
פאַרבלוטענדיג פון אייגענעם געוועהר:
„קיין הילף איז ניט געוועןאונ וועט ניט זיין..."
אונ אין דער לופט וועט פויזען אַ געוויטער
פון ניט-געפלוכטע קללות קעגען גאָט אונ מענש,
אונ קעגען טאָן אונ ניט-טאָן, אונ קעגען טויט אונ לעבען...
אונ וועט זיך אָפּרייסען פון איינעמס צונג אַ פלוך,
וועט איהם פאַרטרינקען אַ געמורמעל:
„שוין הונדערט מאָל, שוין טויזענד מאָל געהערט..."
אונ פוילען וועט אין איטליכען דער מאַרך אין ביין,
אונ שוואַרץ וועט גליווערען אין אַלע אָדערען דאָס בלוט...
וועט דענסמאָל קומען איינער פון דער פינסטער,
אונ קלינגען וועט זיין קול,

ווי וואַסער אויסגעבראָכען אין דער וויסט...
און אַלע וועלען זאַמלען זיך אַרום דעם קוואַל,
און טרינקען, טרינקען, און דאָס האַרץ זיך וואַשען...
און ווי אַ מאַכטיג וואַסער וועט עס שפּרייטען
און גיסען זיך אויף אַלע ווייטע וועגען:
„קומט, לאָמיר געהן באַנאַנד,
און קיינעמס וועג זאָל מעהר ניט זיין אליין..."

. . . . . . . . . . . . . . . .

און דאַן וועט זיין די הילף...

1919.

# דער אַנזאָגער

בלינד דער אַנזאָגער פון מאָרגען,
בלינד דער וועקער פון באַגינען —
רופט ער פון זיין הויכען טורעם:
„רויטע בייטען שפּראָצען אויפ'ן מזרח,
יונגע ליכטען וואַשען זיך די אויגען —
קומט און שעפּט פון העלע קוואַלען...״

„בלינדער אַנזאָגער פון מאָרגען,
בלינדער וועקער פון באַגינען,
ווער האָט דיר פון יונגע ליכטען,
ווער פון מזרח דיר דערצעהלט ?...״

„אין דער פינסטערנים אַ קול:
געה און טאַפּ דיין וועג צום הויכען טורעם.
און רוף,
און די וואָס זעהען וועלען זעהן...״

„און בלינדער, ד ו ?...

„איך רוף:
איהר זעהער, זעהט,
און גריסט די יונגע ליכטען,
און שענקט אַ טייל פון אייער פרייד
דעם בלינדען —
דעם בלינדען וועקער פון באַגינען...“

# אויף די חורבות

אויף די חורבות וועל איך זיצען און וועל זינגען
מיין זון־ליעד,
אונטער מיינע פיס וועט קריכען
דער שאָטען פון צעפאַל'נע וועלטען,
און איך וועל עפענען די אָרעמס מיינע,
און רופען פון פור מאַכט און פרייד:
זון, דו גרויסע זון מיין חבר,
אויביג וועל איך בלייבען דיר געטריי,
און העלער וועט מיין זון־ליעד שאַלען יעדער טאָג —
טויזענט־טויזענט יאָהרען בין איך אַלט,
און טויזענט־טויזענט יאָהרען וועל איך אַלט זיין...
אַ וועלט צעשטויבט —
אַ פלאַטער פון אַ ראָבען־פליגעל —
און ליכטיגער וועט פון דעם ניי מיין אָרעם בויען,
אויביג צו דער זון,
טורעמס איבער טורעמס צו דער זון...
אין אָווענט וועל איך שפינען זעהונגען
פון שטערען ביז צו שטערען,

פון אויביגקייט ביז אויביגקייט —
איך, דער מייסטער־וועבער,
און מאָרגענס וועל איך די געשפּינסען
בויען, בויען אין דער זון —
איך, דער מייסטער־בויער...

---

ווי ברייט די אָרעמס מיינע,
ווי שטאַרק!
טויזענט־טויזענט יאָהרען בין איך אַלט,
און טויזענט־טויזענט יאָהרען וועל איך אַלט זיין...

.1919